מרים קאַרפּילאָוו

# אַ פּראָווינץ צייטונג

(פאַרפאַסעריז פון „די שטורם טעג", „יהודית", „דאָס טאָגע־בוך פון אַן עלענדער מיידעל", „ברכה" און פילע אַנדערע).

מיט פריינדשאַפט
צו פריינד און קאָלעגע
יעקב קאַרפּילאָוו.
מרים קאַרפּילאָוו.

ניו יאָרק, 1926

June 3. 1926.
850 E. 161 St.
The Bronx
N.Y.

# אַ פּאָר ווערטער פון ש. יאַנאָווסקי.

„מ גלאַדשטיין": — מרים קאַרפּילאָוו'ס נאָוועלע „די פּראָווינץ צייטונג" וואָס מיר דרוקען אין „גערעכטיגקייט" איז אונז שטאַרק געפעלען. אין דער נאָוועלע ווערט אויף אַ זעהר געלונגענעם אופן געשילדערט, וואָס דאָס איז אַ פּראָווינץ־צייטונג, ווער דאָס זיינען איהרע אַרויסגעבער, און ווי עס לעבען, ריכטיגער ליידען, די, וועלכע זיינען די רעדאַקטערע און די שרייבער פון אַזאַ צייטונג. די כאַראַקטערע פון דער דאָזיגער שרייבער־וועלט זיינען מייסטערהאַפט געשילדערט. פאַראַן דאָרט סצענען, וואָס צייכנען זיך אויס מיט זייער קאָמיזם, אָבער אין דער זעלבער צייט איז אין דעם קאָמיזם דאָ פיל ערנסטעס. דאָס איז אַ געלעכטער מיט טרערען. איהר וועט דאָרט געפינען אַ גאַנץ געלונגענע שילדערונג פון דער פּראָווינציעלער אינטעליגענץ, פון איהר פאַרהאַלטען זיך צו דער אידישער קולטור. אינטערעסאַנט איז אויך די שילדערונג פון דער בענקשאַפט פון די שרייבער אין דער פּראָווינץ נאָך ניו יאָרק. זיי ווייסען גאָר ניט, אַז די געוועהנליכע אידישע צייטונג מיט איהרע אַרויסגעבער און איהרע רעדאַקטערע אונטערשיידעט זיך גאַנץ ווייניג פון דער פּראָווינץ־צייטונג... אַזוי, דאָס מען קען זאָגען, דאָס אין דער נאָוועלע שילדערט די שרייבערין די אידישע צייטונג, איהר וועזען, איהר פיהרונג אין אַלגעמיין. די אידישע צייטונג איז באמת ניט קיין קולטור־טרעגערין, ווי זי האָט עס באַדאַרפט זיין. איהר הויפּט צוועק איז אַדווערטייזמענטס. מיר ראַטען גאַנץ געוויסענהאַפט אייך און אַלע אונזערע לעזער צו לייענען די דאָזיגע נאָוועלע. דער דורכשניטליכער לעזער וועט פיל הנאה האָבען און ער וועט זיך דערוויסען וועגען פילעס, וועגען וואָס ער האָט ביז איצט געהאַט אַ גאַנץ שוואַכען באַגריף. ווי איהר ווייסט, האָבען מיר ניט קיין פּלאַץ פאַר גרעסערע זאַכען אויף דעם ליטעראַרישען געביט. מיט דער „פּראָווינץ־צייטונג" פון מרים קאַרפּילאָוו האָבען מיר באַשלאָסען צו מאַכען אַן אויסנאַהם, ווייל מיר דענקען, אַז דאָס איז אַ מייסטער־ווערק.

ב. ליכטענשטיין: — עס פרעהט אונז ווירקליך צו וויסען, דאָס איהר לייענט מ. קאַרפּילאָוו'ס נאָוועלע „די פּראָווינץ צייטונג" מיט גרויס פאַרגעניגען און אינטערעס. מיר צווייפלען גאָרניט, אַז אַלע אונזערע לעזער און לעזערינס, אויב זיי האָבען נאָר אָנגעהויבען לייענען די דאָזיגע שילדערונג פון די ערלעבניסע פון שרייבער און רעדאַקטערע אין אַזאַ צייטונג, האָבען געוויס ניט געקאָנט זיך „אָפּ־

רויסען" און ווייטער געלייענט, און האָבען הנאה. אייער בריוו איז זעהר אָנגעלעגט פאר אונז, ווי פאר דער פארפאסערין. דעם בעסטען סימן, אַז די ערצעהלונג איז העכסט אינטערעסאנט, האָבען מיר פון דעם, ווי אונזער קאָרעקטאָר האלט אין איין שמייכלען, ווען ער לייענט איהר קאָרעקטור. געוועהנליך האָט דער קאָרעקטאָר גאר א קנאַפּע באציהונג צו דעם, וואָס ער לייענט. דערפאר טאקע זיינען דאָ, ב"ה, אָפּט אזוי פיל גרייזען. א קאָרעקטאָר איז, להבדיל, ווי דער פּאָליסמאַן, וואָס קומט צו פארשידענע מיטינגען. פרעגט איהם בחרם, וואָס די רעדנער רעדען דאָרט. געפינט איהר אָבער, אז דער פּאליסמאַן הערט זיך שוין יע אמאל צו צו א רעדנער, זאָגט איהר וויסען, אז די רעדע מוז זיין א זעהר, זעהר אינטערעסאנטע. דאָסזעלבע איז מיט דעם קאָרעקטער. ווען ער פאַראינטערעסירט זיך שוין מיט עטוואָס, און האָט הנאה, לייענענדיג די קאָרעקטור, מוז עס זיין ווירקליך ווערט צו לייענען. נאָך אַמאָל אַ דאַנק פאַר די ווערטער פון אָנערקענונג.

## אין א בריף צו מ. ק. פון ש. יאַנאָווסקי :

„עס דאַרף גאָר קיין פראַגע ניט זיין אויב „די פּראָווינץ ציימונג" זאָל אַרויס אין בוך־פאָרם.

גיט עס אַרויס !

און ווי גוט איך האָב אויסגעדריקט מיין מיינונג וועגען דעם אין די שמועס'ן צו די לעזער פון „גערעכטיגקייט", האָב איך וועגען דעם נאָך אַ פיל בעסערען מיינונג ווען איך דענק דערפון אַלס אַ גאַנצע זאַך. ניט צושניטען אויף פאָרזעצונגען.

איהר מעגט זיין שטאָלץ אויף דער „פּראָווינץ ציימונג". איהר האָט מיט דעם געשאַפען אַ ווערטפולע זאַך. דאָס איז אַ ווערק וואָס האָט נאָך ניט איהר גלייכען אין דער גאַנצער אידישער ליטעראַטור אויף דעם געביט. דאָס איז אָריגינעל, אייגענאַרטיג, יוניק !

עס פרעהט מיך זעהר, וואָס דאָס וועט געלעזען ווערען פון פילע אַנדערע וועלכע האָבען עס אין דער „גערעכטיגקייט" ניט געקענט נאָכפאָלגען.

איך ווינש אַז דער ערפאָלג פון דער ערשטער אויסגאַבע פון דער מייסטערהאַפטער נאָוועלע זאָל זיין אַזוי גרויס, דאָס עס זאָל באַלד מוזען אַרויסקומען אַ צווייטע, אַ דריטע, א פערטע און נאָך און נאָך אויפלאַגען !

אויפריכטיג אייער,

ש. יאַנאָווסקי.

## 1.

דער טעלעפאָן: „האַלאָ!"

— האַלאָ! דאָס זייט איהר? קוים געקראָגען אייך אויפ'ן „ווייער"! הערט, איך האָב פאַר אייך געמאַכט מיט איינעם אַן אַפּאָינטמענט, אין קאַפּע ריעל. ער איז —

— מעג איך פריהער וויסען ווער איהר זייט? — פרעג איך.

— שור! איך בין „דאַנטשענקאָ"!

— אָה, „דאַנטשענקאָ"! ...

— יעס, אַלזאָ, ער איז איינער אַ מר. סאָן, פון בין, מיעס, ער וויל אייך זעהן וועגען עפּעס אַ צייטונג. זייט היינט צו־נאַכט אין „ריעל". ער וועט פאַר אייך וואַרטען.

— ווי וועל איך וויסען, וועלכער ס'איז ער?

— איהר'ט וויסען. ער איז אַזאַ דינער, אַ בלאַסער, מיט גרויסע אויגען און — ער קען אייך! וועט איהר קומען?

— יעס. איך וועל. אַ דאַנק פאַר אָפּרופען.

— ניטאָ פאַר וואָס, גוד באַי!

— גוד באַי!

איך הענג אויף די טרייבעל און טראַכט, אַז ס'איז זעהר פיין פון דעם „דאַנטשענקאָ'ן", אַ ווייטען באַקאַנטען, אויסער דער שרייבערישער פּראָפעסיע, זיך אַזוי צו אינטערעסירען מיך אָפּצורופען, מאַכען פאַר מיר אַן „אַפּאָינטמענט". זעהר פיין פון איהם.

---

אין קאַפּע. מר. סאָן. מיר זעצען זיך ביי אַ באַזונדער טישעל און ער רעדט:

— אין בין, מיעס, וויל אָנהויבען אַרויסגעהן אַ טעגליכע צייטונג, אַ אידישע. איינער דאָרט, אַ מר. רעט, איז דער אַרויסגעבער, אַ מר. קאַס, ערשטער רעדאַקטאָר און איך — רעדאַקטאָר נומער צוויי. בין איך געקומען אהער וועגען קויפען אַ ראָמאַן און זעהן שרייבער וועגען אהין צו פאָהרען. איצט, וויפיל וואָלט איהר וועלען פאַר אייערן אַ ראָמאַן?

— פאַר אַ נייעם, אַן איבערזעצונג, אָדער אויף איבער־צודרוקען?

— עס מאכט ניט אז אויף איבערדרוקען. קיינער דארף דערפון ניט וויסען...

— מ׳וועט, זאָג איך, וויסען מיינע ראָמאַנען ווערען שטאַרק געלייענט אויף דער פּראָווינץ...

— אפשר האָט זי עס שוין פארגעסען? איך מיין די, פון די ערשטע.

אז די פּראָווינץ זאָל קאָנען פארגעסען אפילו די ערשטע פון מיינע ראָמאַנען, איז מיר אויך שווער צו גלויבען. אבער, אויב ער וויל אזוי איז עס זיינע „ביזנעס", און איך זאָג:

— אפשר! ...

— אלזא, ווענען פּרייז. נאָר איך מוז אייך פריהער זאָגען דאָס קיין סך ווענען מיר ניט צאָהלען. מיר קענען ניט.

איך האָב ניט געוואוסט וויפיל צו זאָגען און עס איז געבליבען דאָס פריהער זאָל ער א פּאָר ראָמאַנען מיינע מיט־נעהמען, זיי איבערלייענען. זיך ווענען דעם דורכשרייבען און מיר וועלען שוין דורכקומען.

---

איך האָב א צייט פון דעם מר. סאָן ניט געהערט. כ׳האָב אלץ געוואַרט און, ענדליך פון מר. קאם, פון רעדאקטאָר נומער איינס א בריף באקומען.

ער האָט געשריבען דאָס מר. סאָן האָט מיט זיי גערעדט ווענען מיר. זיי ווילען מיך פאר זייער מיטארבייטערין. די נייע צייטונג, וואס וועט זיך רופען „דער אידישער וועג ווייזער" וועט האָבען א פרויען אָפּטיילונג, ווילען זיי, אז איך זאָל זיין דער רעדאקטאָר פון דער אָפּטיילונג, איז וואָס זיינען מיינע „קאָנדישאָנס"?

איך האָב געבעטען מעהר אויסקינפטע ווענען דער צייטונג און ווענען מיינע ראָמאַנען וואָס מר. סאָן האָט גענו־מען, וויפיל מאָל א וואָך וועט געהט די פרויען אָפּטיילונג און וויפיל געהאלט קענען זיי געבען. דאָ, אין ניו יאָרק, איז פאראן א באשטימטער פּרייז דער „מינימום ווידזש" איז 55 דאָלאר א וואך. איך וואָלט ניט וועלען אויף זיי ארויפ־צווינגען א צו־גרויסען פּרייז אבער צו־ביליג וואָלט איך די זאך אויך ניט וועלען מאכען... זאָלען זיי מיר שרייבען מעהר אויספיהרליך ווענען אלץ, וועל איך זיי בעסער וויסען וואס צו ענטפערען.

**אויף דעם שרייבען מיינעם איז מיר אין א פּאָר טעג ארום**

אָנגעקומען אן ענטפער. איך גיב איהם איבער וואָרט ביי וואָרט, ווי ער איז געווען געשריבען:

„דער אידישער וועג־ווייזער"
מר. רעט, פּאָבלישער. מר. קאם, רעדאַקטאָר.
טעלעפאָן מיעס 9999.
123 בינגען סטריט, בין, מיעס.

„זעהר ווערטהע — — — — (מיין נאָמען).

„עס איז אונמעגליך אויסצורעכענען אין א לעטער אלעס וואָס מיר האָבען אין געדאנקען צו טאָן מיט'ן „וועג ווייזער".

„דערווייל קען איך אייך ענטפערען בלויז אויף דיזע פראגען.

„ערשטענס: א פרויען פּיידזש וועט זיין יעדען טאָג, אויסער שבת.

„צווייטענס: איהר וועט דעם פּיידזש דארפען רעדאגירען און אליין אָנשרייבען עפּעס, פון א קאָלום ביז א קאָלום מיט א האלב יעדען טאָג.

„דריטענס: ס'איז נויטווענדיג פאר'ן „וועג ווייזער", אז איהר זאָלט זיך דאָ געפינען: איהר זאָלט זיין אונזער שטענדיגע מיטארבייטערין.

„פערטענס: אונז איז אונמעגליך צו צאָהלען די ניו יאָרקער מינימום וויידזשעס. אלע די וואָס וועלען זיין אין „וועג ווייזער" וועלען ארבייטען פאר'ן קלענסטען לוין כדי צו העלפען די צייטונג ארויפארבייטען זיך, ווען זי וועט זיך פאר־גרעסערען וועלען מיר רעיזען.

„מיט דיזער ערקלערונג זיינען מיר מיט פארגעניגען פאר דעם דאָס איהר זאָלט זיין איינע פון אונז און מיר אָפּערען אייך פאר דער אָנפאנגס פּעריאָדע בלויז די סומע פון 25 דאָל. א וואָך. מ י ר ק ע נ ע ן מ ע ה ר נ י ט !

„דער וועג ווייזער" וועט ארויס אין עטליכע טעג ארום און אויב אונזער פארשלאג איז אייך צום הארצען, דאן קומט ניט שפּעטער ווי נעקסטען שבת אין דער פריה.

„וועגען אייערע ראָמאַנען וועלען מיר דאָ זעהן. ס'איז א גרויסער שאָד וואס זיי זיינען שוין געווען געדרוקט. אבער, מיר'ן זעהן.

„פּליעז, לאָזט אונז גלייך וויסען ווען איהר קומט.
מיט גרוס, ש. קאם,
רעדאקטאָר פונ'ם טעגליכען אידישען „וועג ווייזער".

איבערגעלייענט דעם בריף און געטראַכט — וואָס צו ענטפערען. ג י ך געטראַכט: ס'איז געווען ערב שבת — —

כ'האָב געטראַכט וועגען פאָהרען: אין אנדער שטאָדט, אַנדערע מענשען, א נייע צייטונג און — א שטעלע אלס רעדאקטאָרין. בין איך עס נאָך קיינמאָל ניט געווען... אבער די ווײדזשעס!... ניט שעהן גאר אויסצוזאָגען ווי ווייניג ס'איז...

נאָר וואָס איז געלט? גאָרנישט! דער עיקר איז די ארבייט, די פרייע האנט וואס מ'קאָן אין א צייטונג האָבען, די נוצען וואס מ'קאָן ברענגען, און ווייטער, אז ס'זאָל מיר דאַרט ניט געפעלען, קען איך דאָך צוריקקומען.

כ'וועל מוזען צוריקקומען: די נייע צייטונג וואָס האלט שוין א פּאָר יאָהר ביים ארויסקומען וועט מיך דארפען האָבען. איך בין דאָך איהר מיטארבייטערין, די צוקונפטיגע.

אָפּגערופען דעם צוקונפטיגען פּאָבלישער, געפרעגט אויב איך זאָל אננעהמען א שטעלע אין דער פּראָווינץ אדער זיין דאָ און ווארטען ביז זיין צייטונג וועט ארויס. ער האָט געראַטען פאָהרען. טאָמער קען מיר אויסקומען צו ארבייטען א פיר־פינף חדשים, קען עס באַטרעפען א טויזענט דאָלאר. א שאָד דורכ־צולאָזען. און די שטעלע ביי איהם וועל איך קיינמאָל ניט אָנווערען: ווען כ'וועל קומען וועל איך זי האָבען, אָדער ווען ער וועט די צייטונג ארויסגעבען וועט ער זעהן אז איך זאָל קומען. ,

שרייב איך גלייך צום „וועג ווייזער". אז איך האָב נעלייגט אויפ'ן וואָג־שאָל פון מיין ישוב הדעת די פראגע פון פאָהרען אָדער ניט פאָהרען און ס'פּאָהרען האָט איבער־געוואויגען. איך שטים איין דערווייל אויף דעם באשיידענעם געהאלט, ווייל מיין געפיהל פאר דער אויפבויאונג פון א נייער צייטונג איז שטארקער פונ'ם ווילען מעהר געלט צו קריגען.

אלזא, שבת קום איך. וועל דאָרט פון סטיישאָן טעלע־פאָנירען.

אוועקגעשיקט דעם בריף. געקוקט אויף מיין צימער אין וועלכען כ'האָב זיך איינגעלעבט. געטראכט וועגען די מענשען פון הויז צו וועלכע איך האָב מיך שטארק צוגעוואוינט. שווער זיך מיט אזעלכע צו שיידען.

ווי איך טראַכט אזוי, קומט צו מיר אריין מרס. ס. אַזאַ לייבטע, מיט א ליכטיגען שמייכעל. זי ווייס וועגען מיינע

פארהאנדלונגען מיט'ן „וועג ווייזער" און וויל וויסען ווי איך פיהל...

איך גיב איהר דעם בריף זייערען: זי האָט א גלייכען בליק אויף זאכען, א געזונטען שכל. ווילט זיך מיר וויסען וואס זי זאָגט וועגען דעם.

זי זאָגט דאָס זי וואָלט זעהר ניט וועלען מיר זאָלען זיך צושיידען. אבער, זי גלויבט אז דאָס וועט זיין ניט אויף לאנג. מיין צימער וועט ווארטען פאר מיר. דערווייל איז גוט וואָס איך וועל זיך דורכפאָהרען. כ'וועל זעהן א נייע שטאָדט, נייע מענשען, ארבייטען אין א נייעם „פייפער". הלואי קאָן זי מיטפאָהרען; ס'ווערט נמאס צו לאנג אויף איין אָרט צו זיין.

— אָבער, די „ווייזשעס" — זאָג איך — ס'איז מיאוס אויסצוזאָגען וויפיל...

— וועמען, — זאָגט זי — דארף מען עס זאָגען, ווער דארף עס וויסען? אז די הויפט־זאך איז גאר ניט אין ווייזשעס, ניט אין „דזשאב", נאָר אינ'ם פאָהרען.

זי רעדט וועגען דעם ווי וועגען א לוסט־רייזע. דאָס גיט מיר צו חשק צו פארפאקען מיינע זאכען, לאָזען זיך אין וועג אריין צו איהר, צו דער פראָווינץ, ווייזען איהר, ווי אויפ־ריכטיג איך בין אין באציהונג צו איהר, ניט גרינגשעציג ווי אנדערע, וואָס זאָגען, דאָס זי, די פראָווינץ איז אָפגעשטאנען, זי קען אלץ „אויפעסען"...

זאָל מען איהר נאָר געבען גוטעס, ווי זי וועט עס נעמען! זי האָט דאָך אזוי פיל צייט, מעהר צייט ווי די גרויס־שטאָ.־טיגע, גייסטיגע שפייז איינצונעמען.

איך זאָג איהר און מיר צו דאָס איך וועל שוין זעהן דאָס די גייסטיגע שפייז פונ'ם „וועג ווייזער" זאָל זיין אזעלכע פון וועלכע זי, די פראָווינץ, זאָל איהר גייסטיגען מאָגען ניט פאר־דארבען...

---

2.

איך זיץ אין באַהן וואָס פיהרט מיך צום „וועג ווייזער" און טראכט, וואס פאר אָפטיילונגען אויף די שפאלטען פון דער פרויען פיידזש איינצופיהרען.

געדאנקען שטופען זיך איינע נאָך די אנדערע. יעדער

געדאנק זוכט זיך ווי צו פליסען פאר מיר מיט זיין נייקייט, מיט זיין פרישקייט. זיי קלייבען זיך אין „ליין", ווארטען, וועלכע פון זיי וועלען פון מיר אויסגעקליבען ווערען מיר צו העלפען די פרויען־וועלט מיט עפּעס אויסערגעוועהנליכעס אויסצופילען.

איך קלייב זיי איבער ווי א פאָרמאַן, טראַכט זיי ארום, באַהאַלט זיי אויף שפּעטער, ווען איך וועל אהין קומען. דאָרטען וועל איך זעהן אויב איך קען זיי נוצען. אפשר וועלען דאָרטען נייע געדאַנקען קומען. צו וואָס זאָל איך זיך מיט די פאַרנעהמען?

איך הייס מיר אפּלייגען דאָס גאנצע טראַכטען אויף שפּעטער און דערווייל בעסער דורכ'ן פענסטער פון באַהן אויף גרינע פעלדער ארויסקוקען.

זיי ערוועקען אין מיר א בענקעניש נאָך זיי. איך טראַכט פּראָלעטאַריש: רייכע קלייבען זיך איצט אריבער אויף די זומער־פּלעצער זיך אין שוים פון דער נאַטור צו רוהען, און איך פאָהר ארבייטען, שוויצען.

אָרימע צייטונג! א רייכע צייטונג וואָלט ניט ארויס אין דער צייט, אנטקעגען זומער, אין די היצען. זי וואָלט ווארטען אויף ווינטער.

אָבער מסתמא וויים זי וואָס זי טוט. אלס פּראָווינץ־צייטונג מוז זי וויסען ווען און וואו איהרע לעזער צו געפינען. אפשר איז איהר צייט צו בליהען דוקא זומער, אויף דער פּראַווינץ, וואַקסען אויף די פּארמס אָדער ביי די ברעגען פון די ים'ען...

איך מאך שוין אָפּ ביי זיך צו דינגען א צימער ערגעץ־וואו ביים ים. אויפשטעהן זעהר פריה, זיך געהן באָדען און דאן זיך נעמען צו דער ארבייט. קיין איין גוטען געדאנק ניט לאָזען אומבאשעפטיגט פארבייגעהן, קיין איין אינטערעסאנטען בילד ניט פארזעהן, אויסנוצען אלץ פאר דער זייט פון צייטונג וואָס זאָל נוצליכעס מיט אנגענעמעס אין לעבען ברענגען.

איך קוק אויף די ווי פארביילויפענדע וועלדער און פעלדער פון קאָנעקטיקוט, רהאָוד איילענד, מעין און ניו העמפשייער סטייטס. איך לייען פון זיי שטיקער געשיכטע פון דער רעוואָלוציע געגען דער הערשאפט פון ענגלאנד. אן אינטערעסאנטע געשיכטע: סעטלערס, פּיאָנערען, קוויקערס, פּיוריטאַנער, אינדיאַנער — — — און מיט אמאָל — וואָלקענס.

שווערע, געדיכטע וואָלקענס. עס הייבט אָן רעגענען. עס גיסט, עס פּליוכעט!

מיט׳ן גוס רעגען אנגעקומען אין בין. קוק מיך ארום אין פארכמורעטען אומעטיגען וואָגזאַל — אפשר איז דאָ ווער פון „וועג ווייזער" מיך צו באגעגענען.

ניטאָ קיינער.

רוף אָפּ דעם „וו. וו." דורכ׳ן טעלעפאָן:

„האַלאָ! איך בין דאָ! זאָל איך ווארטען ביז מ׳וועט מיך באגעגענען אָדער אליין קומען?... עס רעגענט שטארק. ווי ווייט איז דאָס? זעהר ווייט? — — —

א שטימע פון יענער זייט „ווייער" האָט געזאָגט דאָס „ס׳איז ניט ווייט: „נעמט א טעקסי און קומט גלייך אהער, אין אָפּיס פון „וועג ווייזער"!

כ׳האָב געזאָגט „אָל רייט" איך קום גלייך.

גענומען א טעקסי, געפאָהרען, געקומען, באצאָהלט, גע־טיפּט, און — גענומען קריכען מיט די סעטשלאך אויפ׳ן פערטען פלאָר פון אן אלטער בילדינג, אן אפּגעלאָזטע, א פינסטערע.

אין אָפיס. ליכטיג. טומעלדיג. דער פּאָבלישער און דער רעדאקטאָר קומען מיר אנטקעגען מיט א שלום עליכם. זיי באקענען מיך מיט איינעם א מר. פּראָסט, פּראָפעסאָר פון מוזיק. אזא דיקער דאָס ס׳דוכט, אז די קליידער וועלען אויף איהם באלד פּלאצען אויף אלע נעט. דערביי שטעהט נאָך איינער, מר. שטיין, דוקא א דארער. דער פּאָבלישער אליין — א קליין מענשעלע, א זשוואווער, און דער רעדאקטאָר, דוקא ניט אזא קליינער, גאָר ניט קיין מיאוס׳ער און א יונגער.

—אזא יונגער — וואונדער איך זיך — און שוין א רעדאקטאָר!

— יעס, — שמייכעלט ער אביסעל ווי פארשעמט: — ווי געפעלט אייך עפּעס דער רעגען?

— ער געפעלט מיר שוין גאר ניט, נאָר ס׳מאכט ניט, זאָג איך, ס׳וועט איבערגעהן. און וואו איז, פרעג איך, מר. סאָן?

— איך ווייס ניט, — זאָגט ער און קוקט זיך ארום. — ער האָט דאָ באדארפט זיין. וועט מסתמא באלד קומען. ווי איז אייך געוועזן די רייזע? ווי איז ניו יאָרק?

— ניו יאָרק איז ווי ס׳איז: פארשידענארטיג. ווי איז

ביי אייך, דאָ, אין בין? — פרעג איך און טרעט טאַקע צו נלייך צום „וועג ווייזער" — ווען געהט'ס ארויס?

— אין עטליכע טעג ארום. צוליב טעכנישע אורזאַכען האָט מען עס געמוזט אפלייגען אויף א פּאָר טעג. אויב איהר ווילט, קענען מיר אריין אין מיין אָפיס און וועגען דעם ריידען.

אריינצוגעהן אין זיין אָפּיס האָבען מיר נאָר באדארפט אריבערטרעטען דעם שוועל ביי דער טיר נעבען וועלכער מיר זיינען געשטאַנען. ער האָט זיך אוועקגעזעצט אויפ'ן רעדאַק־טאָרסקען שטול. איך האָב זיך געזעצט אויפ'ן שטול ביים טיש נעגענאיבער איהם.

— וואס האָט איהר מיט זיך געבראַכט? — האָט ער, ווארפענדיג א בליק אויף מיין באַגאַזש א פרעג געטאָן. — איך מיין, פאר'ן „וועג ווייזער" — האָט ער געשמייכעלט.

— גוטע אבזיכטען — האָב איך אָפּגעשמייכעלט און ערנסטער צוגעגעבען — אייניגע זאכען וואס קאָנען פילייכט פאר דער צייטונג צוניץ קומען. איך וואָלט פריהער וועלען וויסען וואס אייערע פּלענער זיינען.

— איהר האָט געבראַכט א ראָמאַן?

— איהר האָט דאָ מיינע ראָמאַנען.

— די זיינען דאָך געדרוקטע. איך מיין אן אנגעשריבע־נעם. עפּעס אזעלכעס וואס... וואָס זאָל זיין אזוי... אזוי, ווייסט איהר, אינטערעסאַנט. דער ערפאָלג פון צייטונג הענגט אָפּ פון ראָמאַן. דערצו, וואָס דענקט איהר צו געבען פאר דער פרויען־פּיידזש?

ביי דער פראגע איז דער פּאָבלישער אריינגעקומען:

— וועל, ווי געהט עס?! (צום רעדאקטאָר): איהר'ט איהר דערקלערט וואס מ'דארף!? הע?

איך האָב איהם אָנגעקוקט: ווי הויך ער רעדט! אזא קליינער, פון וואנען נעהמט זיך צו איהם אזוי פיל שטימע? אָבער זיינע ביסטרע, פינטלענדיגע אויגלאך האָבען אזוי אפּטי־מיסטיש געלאכט דאָס איך האָב געמוזט כאָטש שמייכלען.

איך האָב איהם געפרעגט וואס פאר א „פּאָליסי" זיין „וועג ווייזער" געהט האָבען. ער האָט געענטפערט:

— די פּאָליסי פון דעם פּייפּער איז אז ס'זאָל ביט'ן א ל ע אנדערע פּייפּערס! ס'זאָל סופּלייען מיט אלץ וואָס ד י שטאָט, ד ע ר סטייט און א ל ע א ר ו מ י ג ע ס ט י י ט ס דארפען האָבען! עס זאָל זיין א ל ע ב ע־

ד י ג ע ר פייפער! פול מיט די ל ע צ ט ע נייעס'ן און אלץ וואס ס'קען מאכען סוקסעס! די פרויען־פיידזש דארף זיין אזוי, אזוי — קיילעכדיג און שפּיציג! ס'זאָל פאר־כאפּען סיי מענער, סיי פרויען! א ראָמאַן מוז זיין אזא, וואס זאָל פארכאפּען דעם לעזער פונ'ם ע ר ש ט ע ן נומער, אזוי, אז ער זאָל זיך פון דעם מעהר ניט קענען אָפּ־רייסען. א י ך בין פאר א שונד ראָמאַן! איהר מעגט אייך פון מיר לאכען, ב אָ ט, איך גלויב ניט אין ליטעראַ־טור! פאר דעם איז דאָ א לייברערי. דאַטסאָל! דער פּיי־פער מוז זיין א סוקסעס א ל ע מ ע ן אויף צו פּלאצעניש! איכ'ל זיי ווייזען דאָס כ'וועל ארויסגעתן מיט א טעגליכען פּייפּער אָהן זיי. איך אליין וועל זיין דער בעל הבית!

איך האָב אפגעווארט ביז ער האָט אָפּגערעדט און גע־פרעגט דעם רעדאַקטאָר, וואס איך דארף טאָן.

— איהר דארפט, — האָט ער געזאָגט, שרייבען יעדען טאָג אן עדיטאָריעל, און —

— און — ?

— דאָס אלעס. אן עדיטאָריעל און רעדאַגירען די פּיידזש. נאָך דעם וואָלטען מיר געוואָלט — א ראָמאַן.

— א ג ו ט ע ן ראָמאַן! — האָט דער פּאָבלישער אויסגעשריען. — אזא איינער, וואס זאָל דעם לעזער פארכאַ־פּען ביים רעכטען —

טעלעפאָן: ראָנג נאָמבער! — דער רעדאַקטאָר האָט אויפגעהאָנגען דעם רעסיווער און ווייטער גערעדט:

— עס פאָדערט זיך אזא ראָמאַן, וואס —

ס'זאָל קנאַקען! — האָט מר. רעט א קנאַק געטאָן מיט'ן צונג און א שנעל געטאָן מיט די פינגער. — עפּעס אזוינס, ווי „די סודות פון קייזערליכען הויף", ווי יעקאַטערינא וועליקאַיאַ מיט איהרע, יו נאָו!... אדער ווי די „אייזערנע פרוי". ס'איז א גוטע זאַך.

— כ'מורא דאָס איך וועל אזעלכעס ניט קענען שריי־בען — האָב איך געזאָגט.

— וואָס הייסט נ י ט ק ע נ ע ן? וואס דארף מען דאָ קענען?

— מ'דארף דאָ ק ע נ ע ן ניט קענען...

— ס'גאָרנישט! מ'נעמט אן אלטען ראָמאַן און מ'דרעהט

עס אביסעל אהער, אביסעל אהין און — דער עולם וועט לעקען דערפון די פינגער!

איך האָב געקוקט אויפ׳ן רעדאקטאָר, גרייט איהם מיטצופיהלען, אָבער יענער האָט זיך אין דעם גאָר ניט גענויטיגט... איך האָב ארויסגעקוקט אין סטריט. דער רעגען האָט נאָך אלץ געגאָסען. דער קאָפּ האָט מיר אָנגעהויבען וועה טאָן. כ׳האָב מיך דערמאָנט דאָס איך דארף עסען. און וואו וועל איך זיך אהינטאָן? איך דארף דאָך זעהן א צימער קריגען — —

אויסער ד י זאַכען האָב איך געטראַכט, וועגען א ראָמאַן: אויב זיי זאָלען מיינעם א ראָמאַן ניט דרוקען, וועלען זיי ווער ווייסט וואס פאר א שטיק שונד געבען. וואס פאר א פּנים וועט די צייטונג מיט אזא ראָמאַן האָבען?

וואָלט שוין דער מר. סאן געקומען. ער האָט דאָך מיינע ראָמאַנען געלעזען. וואָלט איך הערען וואס ער האָט צו זאגען. אָבער ער האָט זיך ניט געאיילט צו קומען. וואו איז ער פארפאלען געוואָרען? אָהן איהם, זאגען זיי, ווייסען זיי ניט ביי וועמען איך וועל א רום קענען קריגען. ע ר ווייסט פון די זאַכען. וויל איך אפשר דערווייל ארומקוקען די רעדאקציע?

— אָה, יא, זעהר!

דער „באָס" אליין האָט מיך ארומגעפיהרט זי ווייזען: ד אָ ס איז דער אלגעמיינער אָפיס; ד אָ ס איז זיין אָפיס; דאָס איז מר. קאָם׳ס אָפיס, דאָס איז די פּרינטינג, און דאָס איז דער ביזנעס אָפיס!

— און וואו, פרעג איך, וועט זיין מ י י ן אָפיס?

— אויף וואס דארפט איהר אן אָפיס? איהר׳ט האָבען א דעסק. ס׳איז אייך עפּעס אן אונטערשיד?

— איך גלויב, אז יאָ...

— ס׳אלרייט, ס׳וועט זיין אָלרייט, דאָנט וואָרי!...

אָבער איך האָב יא „גע׳וואָרי׳ט". איך האָב מיר פאָרגעשטעלט א באזונדערען אָפיס מיט א דעסק מיט אלץ און דאָ גאָרנישט: איך וועל שוין אַפּנים מוזען איינאָרדנען מיין צימער אויף צו קענען דאָרט שרייבען מיינע זאכען.

דערווייליע האָב איך נאָך קיין צימער אויך ניט און דער רעדאקטאָר „נאָמבער טו" איז נאָך ניטאָ. האָב איך באשלאָסען ארויסכאפּען זיך וואס ניט איז צובייסען. זאָל מיר כאָטש פון ניט עסען דער קאָפּ ניט וועה טאָן.

דער רעדאקטאָר מיט מר. שטיין זיינען מיטגעגאנגען. מיר זיינען צוגעלאָפען אין רעגען צו „קינדס" רעסטאָראן אונ־זער הונגער צו שטילען.

דער רעדאקטאָר האָט מיך אלץ געפרעגט וועגען א ראָ־מאן און שטיין האָט נאָכגעפרעגט אויף דער קאפע: ווע־מען האָב איך דאָרט לעצטענס געזעהן און וואס מאכען זיי? עס האָט זיך איהם שטארק געוואָלט זיין א ניו יארקער.

---

## 3

דער רעדאקטאָר נומער 2 איז ענדליך געקומען און זיך גענומען דורכ'ן טעלעפאָן אָפרופען די יעניגע ביי וועמען עס איז געווען פיליכט א מעגליכקייט פאר מיר א צימער צו גע־פינען. געזוכט, געפרעגט און — געפונען.

איך האָב גענומען א טעקסי מיט מיין באגאזש און בין אין באגלייטונג פון דעם מר. סאָן צו מיין נייער וואוינונג געפאהרען.

דער פאָבלישער האָט עס מיר מיט אזא באָס'שען זשעסט געזאָגט איך זאָל די טעקסי נעהמען און פארזאָגט מאָרגען, זונטאג, מיט סאָנ'ען צו איהם פאר „דינער" צו קו־מען.

סאָן איז געווען אין כעס פארוואס זיי זיינען ניט געקו־מען צום סטיישאָן מיך באגעגנען, און קיין געהעריגע אויפ־נאמע ניט צוגעגרייט. איז דאָך גוט וואס ער איז געקומען און פאר מיר זיינע באקענטע וועגען א צימער אָפגערופען. אז ניט וואו וואלט איך מיר אתינטאָן? אין רעדאקציע נעב־טיגען? אזא חזר'אי! אזעלכע גראָבע יונגען! און מיט אלץ האָבען זיי זיך אויף א י ה ם פארלאָזען!

איך האָב איהם געבעטען פון מיינעטוועגען זיך ס'הארץ אזוי ניט אָפצועסען. זאָל ער מיר בעסער מעהר מיט דעם כאראקטער פון אָט דעם מר. רעט באַקענען.

—וואס פאר א כאראקטער? ס'ניטאָ קיין כאראק־טער! — האָט ער מיט זיין דארע האנט א מאך געטאָן. — איהר בעסער זאָגט מיר, האָט איהר ביי איהם אביסעל געלט גענומען?

— געלט? אזוי גיך? פאר וואס? כ'האָב דאָך נאָך ניט פארדינט.
— דאָס איז גאָר נישט! אין פאראויס בעדארפט בע־טען.
— ניין ווי שיקט זיך דאָס?
— נו, און די רייזע קאָסטען? ער האָט דאָך מיר אויס־דריקליך געזאָגט, דאָס איך זאָל אויף זיין רעכענונג אייך אהער אריבערברענגען.
— נו, אז ער האָט אזוי געזאָגט, וועט ער עס מיר, גלויב איך, אליין אומקערען. איך וואָלט עס ניט וועלען בעטען.
— וואָס הייסט ניט? פאר אזעלכע ווײדזשעס נאָך אויפ'ן אייגענעם רעכענונג פאָהרען? טייערע ביזנעס! סעי, איהר מוזט האָבען געלט ווי שפּענער.
— יע; איך האָב ניט קיין שפּענער, — האָב איך גע־לאכט.
— לאכט, לאכט. אז איהר וועט דאָ זיין אזוי לאנג ווי איך, וועט איהר פארגעסען אפילו צו שמייכלען.
— גוטע האָפנונגען גיט איהר מיר! איז דאָ טאקע אזוי שלעכט?
— איהר וועט זעהן. מ'קאָן דאָ משוגע ווערען!
— פון וואס?
— פון וואס? טאקע פון דעם וואס מ'איז ד אָ. אך, ניו יארק, ניו יארק! לעבען זאָל ניו יארק! דאָרטען אין קאפע, וועמען מ'וויל זעהט מען, מיט וועמען מ'וויל רעדט מען. ס'א פארגעניגען! ס'גוט!
— עט! ס'גאָר ניט אזוי גוט... אויב דאָס איז די איינציגע זאך פון וואס מ'קען דאָ משוגע ווערען, וועל איך זיין קלאָר.
— איהר וועט דאָ ניט פארבלייבען. ניט אויף לאנג, סיי ווי סיי. אָט וועט איהר זעהן!
— דאָס קען זיין, אָבער, ניט ווייל איך וועל זיך פאר־בענקען נאָך דער קאפע. ס'מעגליך דאָס איך זאָל זיך דאָ צו דער צייטונג ניט קענען צופּאסען. דער רעט פארלאנגט אזעלכעס, וואס כ'וועל, קען זיין, ניט קענען און ניט וועלען טאָן. אויב זיי וועלען מיר דאָ קיין פרייע האנט ניט געבען, גיט לאזען שרייבען ווי און וואס מיר געפעלט, דאן —

— צוריק אין ניו יארק? הא?

— עהע — יע, וואס וועגען מיינע ראָמאַנען? איהר האָט דאָך זיי געלעזען?

— יעס, אבער, זיי זיינען צו גוט פאר זיי. צו ליטעראַריש. זיי דארפען שונד. כ'האָב זיי געזאָגט —

— וואס געזאָגט?

— דאָס אייערע ראָמאַנען זיינען זעהר גוט, העכסט ליטעראַריש!

— . . . ניט בעדארפט דאָס זאָגען...

— זיי וואָלטען דאָס מיט דער צייט אַליין אויסגעפונען און זיי וואָלטען מיך באשולדיגט אין אָפּנארען זיי. איך וואלט איבער דעם מיין דזשאב פארלאָרען און איהר וואלט דערפון גארנישט געוואונען.

ער איז געווען פארביטערט געגען דער שטאָט און גע־בענקט נאָך דער קאַפּע אין ניו יארק. אזוי געבענקט! כ'האָב איהם באלד גענומען מקנא זיין זיין בענקען. כ'האָב זיך גע־וואונדערט אויך: ווי אזוי אזא שוואכער קען נאָך וואס אנ־דערעם אויסער געזונט אזוי בענקען!

מיר האָבען אפגערעדט ווען מאָרגען צו אונזער פּאָבלישער צו פאָהרען.

כ'האָב מיך גענומען אין מיין נייעם צימער איינאָרד־נען.

א גרויסער צימער מיט א זעהר לאנגען טיש, גוט פאר אן אינזשיניער, אויף פּלאַנען מאכען, א וויעג שטול, א דרעסער און א בעט אַזאַ גרויסע, אַזאַ ברייטע — א שרעק! אין אזא בעט אז מען זאָל זיך פארלירען, איז פארפאַלען. מ'וואָלט זיך אין איהר זיכער ניט קענען געפינען!...

די בעלי הבתים פון דעם צימער זיינען אינטעליגענטע בירגער. ער, א דאָקטאָר פון עפּעס וואָס האָט מיט געזונט גאָר־נישט צו טאָן, א געבוירענער יענקי, און זי, א דייטשקע. פּאסט אויף די הויז מיט די פילע צימערען, מעהרסטע פון וועלכע זיינען פארדונגען צו פרעמדע. זיי האָבען ניט קיין קינדער, איז זיי אומעדיג, געהן זיי צו מוזיקאלישע קאָנצערטען, אין לייברערי, צו מואוויס און אמאָל צו די אידישע שכנים, וועלכע פיהרען דוקא א געזעלשאפטליכען לעבען.

די אידישע פאמיליע האָט שטארק באדויערט וואס ביי זיי איז ניט געווען א צימער פאר א מענשען, מיט וועלכען, זיי זיינען

זיכער, דאָס מ'קען ריידען. אָבער אזוי ווי זיי זיינען דאָ נאָהענט, האָבען זיי צוגעזאָגט זיך מיט דער געלעגענהייט סיי ווי צו באנוצען.

הארציגע מענשען, טייערע, ס'איז זיי אָבער אומעטיג. צו זיין נאָהענט מיט זיי מוז מען האָבען א סך פרייע צייט אוועק־צוגעבען, און מיין צייט וועט זיכער אינגאנצען אויף „וו. וו.״ אוועקגעהן. איך האָב מיר שוין אָנגעהויבען ברעכען די קאָפּ ווי אזוי דעם ערשטען עדיטאָריעל אָנצושרייבען. וועגען וואָס ? וועגען וועמען ? ....

זונטאג, אוים רעגען, בלויז כמארנע. סאָן איז געקומען מיט מיר צו רעט'ן צו פאָהרען : גע'כעס'ט — צו וואָס פאָהרען אהין ? ווער דארף עס ? און וואס דוקא היינט !

— אז ניט היינט, וועלען מיר אפשר קיינמאָל צו איהם ניט פאהרען. אזוי גיך ווי דער „וו. וו.״ („וועג ווייזער״) וועט ארויסקומען, וועט מען זיין פארנומען, איז בעסער צו פאָהרען היינט און זעהן וואס פאר א שלאָס אונזער „באָס״ באזיצט. לאָמיר היינט די גע'טעפּיכטע דילען פון זיינע פּאלאצען באַ־טרעטען !

דער וועג צו מר. רעט איז געווען א שווערער. אויף צו פאָהרען צו איהם האָבען מיר געמוזט נעמען א קאר, א שטיקעל סאָבוויי, נאָך א ביסעל סאָבוויי, ווידער א קאר, א וואָק, אן „על״, א פערי, א טריין און א טעקסי !

ס'איז ניט ווייל ס'איז אזוי ווייט, נאָר ווייל דער וועג איז זעהר א געדרעהטער, א מין „מערי־גאָ־ראונד״. אויף צו האָבען געפאָהרען מיט אלעם, וואָלטען מיר נאָך באדארפט האָבען א ביייסיקל, א פערד, און א לופט־שיף !

און אומעטום צו צעהן סענט קארפער ! איז דאָך ניו יאָרק, ווי סאָן זאָגט, טאקע א געבענשטע שטאָדט ! אין ניו יארק קען מען פאר איין ניקעל פאָהרען פון 242טע סטריט, וואן קאָרט־לאַנד פּארק, נ. י. ביז פּענסילווייניא עוו., ברוקלין, אָדער פון אטלאַנטיק עוועניו, ברוקלין ביז בראָנקס פּארק, נ. י., א ווילדע מציאה !

די רעט פאמיליע האָט זיך צוגעגרייט מיט א גרויסען מאָלצייט. די הויז האָט אויסגעזהן אויפגעראמט, די קינדער אָפּגעוואשען און אין יום טוב'דיגען אָנגעטאָן.

דער גאנצער סטעף האָט זיך דאָרט געפונען. דאָס איז : מר. רעט, מר. קאס, מר. סאָן, איך און איינער א מר. בלעק,

א בוי פון די „בויעלאך״: ער איז דאָס געווען באשטימט צו זיין סירקולײשאָן מענעדזשער. אַ טיפּ פון אַ טיפּש, אַ לאַכע־דיגער.

מען האָט גערעדט. די רייד זיינען, פארשטעהט זיך, געווען וועגען „וועג ווייזער״, דער נייער „פּייפּער״, וואס וועט באלד ערשיינען צו ווייזען דער וועלט ווי א פּייפּער דארף אויס־זעהן. מר. רעט האָט גערעדט מיט בייזער הנאה וועגען דעם ווי די שונאים וועלען צופּלאצט ווערען ווען זיי וועלען דערזעהן דאָס ער, ער און ניט קיין אנדערער, גיט עס ארויס. זיי וועלען אלע פּלאצען.

— עס וועט זיין אַן עפּידעמיע פון פּלאַצעניש!

אזוי פיל שונאים האָט איהר דאָ? — האָב איך גע־פרעגט.

— פּלענטי! — האָט ער ענערגיש מיט׳ן קאָפּ א שאָקעל געטאָן.

— אָבער, פארוואָס? וואָס האָט איהר זיי געטאָן?

— וואָס? גאָרנישט! זיי זיינען מיר שונאים דערפאר, וואָס כ׳לאָז ניט, זיי זאָלען מיר וואָס טאָן, דאטסאָל! כ׳בין ניט פון די, וואָס לאָזען זיך שפּייען אין קאשע. ניט איך! זיי ווילען פירען די קאָמאנדע; זיי ווילען זיין די באָסעס פון שטאָדט; זיי ווילען אנדערע זאָלען צומאכען די אויגען, מאכען זיך ניט זעהענדיג וואָס זיי טוען. איז דוקא ניט! ווען זיי קענען — וואָלטען זיי מיך וועלען ביי מיר אָפּקויפען. איז א מכה זיין פאר׳ן וועלען! כ׳קאָסט מיר טייערער. איכ׳ל זיי ווייזען, אז מיך פירט מען ניט פאר׳ן נאָז. נאוסערי!

— איז עס ניט מעגליך — האָב איך פרידליך געזאָגט — מיט זיי אין פריינדליכע באציהונגען אריינצוטרעטען, מאכען זיי פאר פריינט און — צוזאמען — — אלע —

— זיי מאכען פאר פריינט? נעווער! — האָט מר. רעט אויסגעשריען. זיי מאכען פאר פריינט, הייסט זיי גע־בען די לייצעס אין די הענט, לאָזען זיי זיין די אָנטרייבער!

עפּעס אזוי ווי ניט וועגען א ציימונג וואָלט זיך געהאַנ־דעלט, נאָר וועגען פערד, אזוי האָט ער גערעדט, און מיר איז נאָר געבליבען צו פרעגען אויב זיי זיינען דאָ א סך אין צאָל, די שונאים. און ער האָט ווידער געזאָגט „פּלענטי!״ און צוגעגעבען דאָס וויפיל זיי זאָלען ניט זיין, וועט ער זיי צו־ברעכען. ער וועט זיי ווייזען, אז מיט איהם שפּילט מען

זיך ניט. אז ער טוט עפּעס — טוט ער דאָס. ער האָט פאַר קיינעם קיין מורא ניט. זיי וואָלטען איהם דערטרונקען אין א לעפעל וואסער, ווען זיי קענען נאָר, זיי ווילען דאָס אָבער ניט קענען! די מאכט וועט זיין ניט אין זייערע נאָר אין זיינע הענט. ער וועט זיי ווייזען וואָס ער איז און וואָס ער קען!

— דענקט איהר ניט — האָב איך געפרעגט — דאָס ס'איז אביסעל א צו געוואגטע זאך, ארויסצוקומען מיט א צייטונג געגען אזוי פיעל שונאים?

זיין ווייב'ס אומרוהיגע אויגען האָבען נייגעריג געקוקט אויף איהם. זי האָט אוועקגעלייגט די עסען־געצייג און געוואַרט אויף זיין ענטפער. ער האָט געענטפערט:

— שור, איז דאָס א געוואגטע זאך, אלבעטשו! באָט איך וואג! און איכ'ל געווינען. ס'איז ביזנעס, אין ביזנעס מוז מען איינשטעלען. אז מען זאָל ניט וואגען, וועט גאָרניט זיין. דאָס איז אין דער געים. כ'האָב פאַר זיי קיין מורא ניט. איך וואג! איכ'ל נאָך וואגען!

אזא מין זאדיראקע!

איך האָב שוין געזעהן דאָס דעם „וועג־ווייזער" איז ניט באשטימט פאַר גרויסע אידעען צו קעמפפען. עס איז מיר געווען קלאָר, דאָס דער „פּייפּער" וועט ארויס אָלס דעם מר. רעט'ס א זאך. ס'איז זיינע א פּערזענליכע ביזנעס, א קללה אָדער א ברכה פאַר איהם מיט זיין הויז־געזינט; א גלענצענדער דורכפאַל פאַר די יעניגע, ביי וועמען ער וועט פאַר דעם צוועק געלט אָנלייען. בעסער וואָלט ער א גראָסערי, א בוטשער־סטאָר, צו אפילו א שיך־שאָפּ געעפענט. צו וואָס זאָל אזא איינער דוקא פארוועלען זיך אין „פּייפּער"־ביזנעס אריינגעהן!?

וואָס איך וועל קענען טאָן פאַר אזא מין צייטונג, האָב איך מיר צו דער צייט קוים געקאָנט פאָרשטעלען. עפּעס האָט זיך מיר גאָרניט געגלויבט דאָס איך בין אהין געקומען צו זיין א מיטארבייטערן, א שטענדיגע, א רעדאקטאָרן!.. ווי זיך צו איבערציייגען, אז יאָ, האָב איך פון דער זייט ביי מר. סאָן א פרעג געטאָן:

— וואָס דענקט איהר, מיר וועלען טאקע שרייבען פאַר דער צייטונג?..

—יעס, מעם! איך מיין ניט פאר דער צייטונג, נאָר פאר „ווײַדזשעס!"

— ביז ווי לאנג, דענקט איהר, וועלען מיר — — —

— ביז מיר וועלען אָפּשפּאָרען גענוג געלט אויף צו פאָרען אין „נעוו־יאָרק!" דאטסאָל!

דער רעדאַקטאָר נומער 1 האָט געוואָלט וויסען וואָס סאָן האָט אזוינס געזאָגט און איבער וואָס איך האָב א לאך געטאָן.

סאָן האָט א מאך געטאָן מיט'ן האנט: גאָרנישט!

דער רעדאקטאָר האָט מיך געפרעגט וואָס איז וועגען ראָמאן. ער מוז האָבען א נייעם ראָמאן. איבערצודרוקען ראָמאנען וועט זיין בעסער אָפּצוקענען אויף שפּעטער. ער מוז האָבען א פּאָר קאַפּיטלען ראָמאן אין אן עדיטאָריעל פאר'ן פרויען־פּיידזש שוין, פאר'ן ערשטען נומער.

אן עדיטאָריעל, איבער וואָס? — —

איבער וואָס ניט איז! ס'האָט איהם ניט געאַרט איבער וואָס. ער האָט עס איננאנצען איבערגעלאָזען צו מיר. און דעם ראָמאן אויך. ס'זאָל נאָר זיין שפּאַנענד; איז דאָס וואָס די לעזער ווילען. די ערגסטע ראָמאנען האָבען די גרעסטע צאָהל לעזער. ס'דארף ניט זיין ליטעראריש, ס'דארף זיין אינטערעסאנט.

איך האָב געוואָלט מעהר רעדען וועגען דעם, כדי צו ווי־סען בעסער, וואָס און ווי און ווען, אָבער דער רעדאקטאָר האָט געפּיהלט שווער נאָכ'ן זאָטען מאָלצייט און אָפּגעלייגט מעהר צו ריידען מאָרגען, מאָנטאג, אין אָפיס, אין רעדאקציע פון „וועג־ווייזער", שפּעטער....

אזוי צו זאָגען: א שעה פאר ליכט־בענטשען...

איך האָב זיך גענומען איילען אליין צו פאָרען צוריק אין שטאָדט אריין, טראַכטען וועגען ראָמאן, עדיטאָריעל א. אז. וו. זיך אויפ'ן שפּעטער ניט פארלאָזען, סיידען כ'וועל גאָרניט אָנ־הייבען, כדי צו זעהן וואָס פאר א מין „פּייפּער" דאָס וועט זיין; וואָס פאר א פּנים דאָס וועט האָבען. און ווער ווייס ווי א „פּייפּער" דארף זיך אין א קליין שטעדטעל אָנהייבען; אפשר דארף און מוז יעדע קהל'שע זאַך ביי אידען דורך קרוי־גערייי אַרויסקומען?...

מר. רעט האָט מיך געבעטען נאָך צוואווארטען א ווײַלע, דער שווארצער, מר. וויס, אונזער סטעף־פּאָטאָגראַפער וועט אונז ארונטערנעמען.

ער האָט אונז אוועקגעשטעלט אויף דער זוניגער זייט אין סטריט אין איין רייהע און געמוסטטירט: אהער קוקען, שמייכלען, אזוי שטעהן, ניט ריהרען זיך, קוקען אויף דער זון און ניט זשמורען די אויגען.

איך בין געווען ניט אויפגעלעגט מיט דעם „באָנטש“ זיך צו פאָטאָגראפירען; ס'האָט זיך מיר ניט געוואָלט מיט זיי אַלעמען אויף איין בילד צו זיין: ווער זיינען זיי? וואָס זיינען זיי? — עס האָט אָבער ניט געפּאסט זיך דערפון אָפּצוזאָגען און מיר זיינען אַלע אויף איין בילד, צום „אייביגען אָנדענקען“, ארונטערגענומען געוואָרען.

סאָן האָט מיך א טייל פּונ'ם וועג אויף צוריק אין מיין היים באגלייט. ער האָט אזוי אָפּגעלאָזען, ווי דער רעדאקטאָר נומער איינס, ווענען דער ארבייט פאר'ן „פּייפּער“ גערעדט; זיינע געדאנקען זיינען געווען פארנומען מיט ניו־יאָרק.

— דער בעסטער פּלאַץ אין בין איז דער סטיישאָן, וואו מען נעמט די טריין אויף צו פאָרען אין ניו־יאָרק, — האָט ער געזאָגט. און ער וועט אויפהויבעןביידע הענט צום הימעל אין דעם טאָג ווען ער וועט קענען די שטאָדט פארלאָזען.

— און איהר? וואָס געהט איהר טאָן ביז מאָרגען? — האָט ער מיך געפרעגט.

— איך וועל זיך נעמען צו דער ארבייט.

— צום ראָמאַן, צי צום עדיטאָריעל?

— צו אַלע ביידע.

— נו, זאָל אייך גאָט העלפען!

— אייך אויך.

— א דאנק. איך וועל מיך שוין זעהן אליין צו העלפען.

— איהר פארלאָזט זיך שטארק אויף אייערע שוואכע כחות.

— עט, פאר אזא „פּייפּער“ דארף מען קיין סך געזונט ניט האָבען. ווי איהר וועט פאר דעם שרייבען וועט זיין גוט, אז וואָס ערגער — איז בעסער. די הויפּט זאך איז, ניט צו פאר־נעמען זיך מיט צו הויכע זאכען, ניט קיין צו איידעלע. איהר'ט געזעהן דעם מר. רעט ענד פאַמיליע? אזוי זיינען זיי דאָ אַלע. עס זיינען פאראן, פארשטעהט זיך, אויסנאַמען, וועלען זיי אָבער, האָב איך מורא, דעם פּייפּער אינגאנצען ניט לייענען. זיי וועלען איהם איגנאָרירען.

„זיי ווילען, קען זיין, אין דעם שרייבען”, האָב איך גע־וואָלט טרעפען.

ער האָט געזאָגט דאָס ער צווייפעלט אויב זיי ווילען. אז ס'וועט זיך זיי דאָס ניט לוינען. נאָר גאָרנישט, וועמען ארט דאָס, זאָלען זיי טאָן וואָס זיי ווילען. מיר זאָלען נאָר די זאך ניט נעהמען צו ערנסט, ארבייטען אזוי פיל וויפיל מ'וועט דער־פאר באצאָהלען „ווידזשעס” און אָפּשפּאָרען עטליכע דאָלאר אין נ. י. צו פאָהרען, קענען דאָרט כאָטש עטליכע נעכט א חזר'שען טאָג לעבען!

אזא שוואכער און וואָס פאר א שטארקען לוסט ס'האָט צום לעבען! האָב איך איהם נאָכקוקענדיג נאָכגעטראכט. אָט, אָט, ברעכט ער, דאכט זיך צונויף און דאָך —

אָבער ס'קען זיין אז טאקע דערפאר איז עס אזוי. דער וואָס האָט די שטארקייט צו דערגרייכען וואָס ער וויל, וויל עס גאָר ניט אזוי שטארק...

נאָר אזוי צי אנדערש, ווי דאָס זאָל ניט זיין האָט עס אויף דער מינוט מיט דער ארבייט פאר'ן „וועג ווייזער” גאָרניט צו טאָן: ער דארף באלד געבוירען ווערען און ס'איז פאר איהם נאָך קיין זאך ניטאָ. עס וועט זיין מיאוס איהם א נאקעטען, א הייליגקען פאר דער וועלט צו ווייזען. מ'דארף זיך ענערגיש נעהמען צו דער ארבייט פאר איהם גייסטיגע „העמדעלאך” אָנ־צוגרייטען....

---

## 4.

כ'האָב מיך איינגעשלאָסען אין מיין צימער און זיך געהייי־סען נעהמען צו דער ארבייט: פאר'ן „וועג ווייזער” די נויטיגע זאכען צו שרייבען.

פאר מיינע אויגען ליגט די „וואָירלדס אילוזשיאָן” פון יעקב וואסערמאן. עס ציט מיך צו דעם ווי מיט צוואנגען אָבער אנשטאָט לייענען א גוטען ראָמאן, מוז איך זיך גאָר קלינען ווי צו שרייבען א שלעכטען...

איך זאָג מיר, אז אויב איך וויל, האָב איך א רעכט פון ראָ־מאן שרייבען זיך אינגאנצען אָפּצוזאָגען. זאָלען זיי איינעם פון מיינע איבערדרוקען, אז ניט זאָלען זיי קויפען א ראָמאן ביי אימיצען!

און ווי איך זאָג דאָס זיך אזוי, קומט מיר אויפ'ן געדאַנק די אידעע פאַר'ן ראָמאַן און איך נוץ אוים דעם מאָמענט. איך זעץ זיך אוועק שרייבען.

שרייבענדיג דעם ראָמאַן, טראַכט איך מיר דאָס איך וואָלט פריער באַדאַרפט אראָפּ'פּטר'ען דעם עדיטאָריעל. אלס רע־דאַקטאָרקע בין איך דערצו — פ א ר פ ל י כ ט ע ט. אָבער, ראָמאַן שרייבען איז מיר מעהר צום הארצען, און כ'שרייב ראָ־מאַן. דאָס דערמאָנט מיך אָן יענעם וואָס האָט אמאָל געשריבען צו זיינעם א פריינד:

„א קורצען בריף האָב איך איצט קיין צייט ניט צו שריי־בען, שרייב איך א לאַנגען.”

שרייב איך דעם ראָמאַן ווייל ער שרייבט זיך, פרעג מיך: וואו איז די לאָגיק? און ענטפער מיר — „ניטאָ קיין לאָגיק. ווען ס'איז דאָ אזא זאַך ווי לאָגיק, וואָלט איך מסתמא גאָר ניט געשריבען...”

ביים שרייבען, ווי ביים ליבען, איז א סך געזינטער וואָס ווייניגער פראַגען זיך צו שטעלען. מען דאַרף זיך לאָזען הינגע־ריסען ווערען.

שרייב איך דעם ראָמאַן און זאָג צו דעם עדיטאָריעל דאָס כ'וועל איהם שוין אָנשרייבען. איך וועל אָנשיקען דעם מוז אויף דער מוזע. ער איז שטאַרקער, זי וועט זיך איהם מוזען אונטערגעבען, סוף כל סוף וועט ער גובר זיין...

* * *

איך בין געזעסען א גאַנצע נאַכט און דעם ראָמאַן געשרי־בען, אין דער פריה האָב איך אָנגעשריבען דעם ערשטען עדיטאָ־ריעל.

ווען איך בין מיט דאָס געשריבענע אין רעדאַקציע געקומען האָט זיך דאָרט שטאַרק געטומעלט. זאַכען וואָס האָבען שוין לאַנג באַדאַרפט געטאָן ווערען, זיינען נאָך ניט פאַרטיג געווען. די רעדאַקציע האָט זיך אין גרוים איילעניש געזוכט איינצואָרדע־נען דעם ערשטען נומער ארויסצוגעבען.

— געבראַכט קאַפּיע? האָט מיך דער רעדאַקטאָר נומער 1 באַגעגענט; גיט עס גיכער, מ'מוז עס שוין געבען אויף צום זעצען.

— איהר ווילט עס פריער ניט איבערלייענען?

— צו וואָס? מ'קען זיך אויף אייך פאַרלאָזען!

דאָס איז זעהר פיין געווען פון איהם אזוי צו זאָגען. — איך האָב איהם דעם ראָמאַן, עטליכע קאַפּיטלען, אָפּגעגעבען און געוואָלט ער זאָל כאָטש דעם עדיטאָריעל איבערלייענען. נאָך אַלעמען האָב איך אַ מיינונג: וועגען עדיטאָריעל גלייך געוואָלט הערען, כ'האָב דאָך אזא מין זאַך ס'ערשטע מאָל געשריבען!

איבערגעלייענט און — ס'איז געפעלען. שטאַרק געפעלען!

רעדאַקטאָר נומער 2 איז גאָר געווען באַגייסטערט: ס'איז אזוי פריש, אזוי פריי, לייכט און אָריגינעל געשריבען! אָט דאָס איז אז מ'קען!

רעדאַקטאָר נומער 1 האָט דיפּלאָמאַטיש זיין באַגייסטערונג איינגעהאַלטען. געזאָגט דאָס ס'איז אָלל־רייט און אז ער האָט ערוואַרטעט איך זאָל קאָנען אַ גוטען עדיטאָריעל אָנשרייבען. אז ניט וואָלט'ען זיי דאָך מיך אַלס רעדאַקטאָרען ניט איינגעלאַדען. זיי וואָלטען זעהן פּאַרטיגע עדיטאָריעלס ערגעץ צו קריגען. „רעדי מעיד" אזוי צו זאָגען.

מר. רעט איז אויף די ווערטער אין אָפּיס פון רעדאַקטאָר ברייט אריינגעקומען און צוגעגעבען:

— שור. ס'איז אַ וועלט פון פאַרטיגע זאַכען. „רעדי מעיד צו אָרדער!" וואָס איך וויל איז אז אַלעס זאָל ווערען געשריבען אין רעדאַקציע. און אַלץ וואָס האָט צו טאָן מיט דער שטאָדט בין! אזוי פאָדער איך!

— אַ גאַנץ גערעכטע פאָדערונג, אָבער, דאָ איז אזוי איינג, וואו קען איך דאָ שרייבען? האָב איך געפרעגט.

— אָה, אז מ'קען שרייבען — קען מען אומעטום! אפילו שטעהענדיג.

— איך דאַרף האָבען אַ פּלאַץ וואו צו זיצען. און אַ באַזונדער פּלאַץ דערצו. אז ניט וועל איך מוזען שרייבען ביי זיך אין צימער.

— וועל, מיר'ן שוין זעהן וועגען דעם. האָט ער זיך געזוכט פון דער פראַגע וועגען פּלאַץ דערוויייל ארויסצודרעהען זאָגט מיר בעסער וואָס איהר'ט אָנגעשריבען.

איך האָב געזאָגט.

— איז דאָס גוט? איז דאָס וואָס איך מיין?

— ...פרעגט דעם רעדאַקטאָר.... די רעדאַקטערע — — —

ער האָט פראַגענד אַ קוק געטאָן צו די צוויי רעדאַקטערע און זיי האָבען איהם געזאָגט אז ס'איז גוט, זעהר גוט, אויסגעצייכענט!

„איז אַללרייט!" האָט ער געזאָגט און אוועק אין א זייט מיט רעדאַקטאָר נומער 1 צו ריידען.

רעד. נומער 2 האָט מיר פון דער זייט א זאָג געטאָן: — בעט ביי איהם אייערע רייזע־קאָסטען.... ליינט עס ניט אָפּ. זאָגט איצט, שוין... אז ניט וועט עס זיין פארפאלען...

איך האָב מיר אָנגעטאָן א כח און געזאָגט, אזוי איידעל ווי כ'האָב עס נאָר געקענט, און ער, מר. רעט האָט געענטפערט דאָס ער וועט וועגען דעם א מיטינג האָבען... ד. ה. ס'וועט סיי ווי זיין אן עקזעקוטיוו מיטינג וועט ער דאָס זעהן דורכצופיהרען... ער'ט זעהן דאָס ס'זאָל מיר וואָס גיכער אָפּגעגעבען ווערען... שור!

סאָן וועלכער האָט געהערט דעם ענטפער האָט געלאַכט:

וואָס מיטינג, וועו מיטינג? ער וויל עס פשוט אָפּלייגען אויף א סך שפּעטער, כדי ס'זאָל דערפון גאָרנישט ווערען, פוילע תרוצים!

איך האָב עס ניט געוואָלט גלויבען. א פאַבלישער זאָל איבער א צעהן דאָלאר מיט פוילע תרוצים זיך וועלען ארויס־דרעהען. ס'קען ניט זיין!...

איינגעאָרדענט וועגען מאַטעריאַל פאַר'ן פרויען פּיידזש, בין איך צוריק געפאָהרען צו זיך פאָרטזעצען דעם ראָמאַן און נאָך אַן עדיטאָריעל שרייבען. אויסער דעם, עטליכע זאכען פון די צייטונגען באַארבייטען. זעהן עס זאָל אין די ערשטע נומער'ן פון קיין זאך ניט פעהלען.

א שטיק פון דעם אָוונט האָב איך מיט דער אידיש־רוסי־שער אינטעליגענץ פארבראַכט. זי האָט זיך קאַטעגאָריש אָנ־זאָגט דעם „וועג־ווייזער" צו אַנערקענען: וואָס איז דאָס פאַר א „וועג־ווייזער" ווער איז ער וואָס געהט איהם דאָ פאַר אונז ארויסגעבען? אז מיר ווילען א אידישע צייטונג איז פאַר אונז גענוג די וואָס מיר באַקומען פון נ. י. און די נייעס פון שטאָדט קענען מיר אין די ענגלישע צייטונגען געפינען. „וועג־ווייזער", אינדיד! וואָס פאַר א וועגען ער קען שוין אונז ווייזען!

אזוי ווייט אזוי פיל וועגען „וועג־ווייזער" וואָס אָנבאַ־לאַנגט מיך, זיינען זיי גראָדע, האָבען זיי געזאָגט, צופרידען וואָס איך בין צו זיי אין בין געקומען. זייער קרייז איז אזא'ן איינגער. די צאָהל פון אינטעליגענטע מענשען אזא באַשרענק־טער, דאָס עס איז איינגענעם צו זעהן א פרישען מענשען און

צוליב דעם אליין ווינשען זיי דאָס די צייטונג זאָל לענגער עקזיסטירען....

יע, זיי האָבען די מיטארבייטערשאפט אין אזא צייטונג הויכמוטיג פארגעבען ווייל... ס'זיינען דאָך געווען אזעלכע וואָס האָבען דאָך געמוזט מאכען „ווייזדזשעס!" זיי האָבען געקוקט אויף דעם ווי בלויז אויף א מיטעל צו מאכען א לעבען אָבער אָלס בייטראגע צו קולטור? „א נעכטיגער טאָג!" „נאפראַ־טיוו", ס'איז גאָר א שטערונג צו דאָס וואָס האָט צו טאָן מיט אויפקלערונג. א שטיין אין וועג, אן אָנשיקעניש, „א פרעפי־אטסטוויע!".

אויסגעהערט זייערע רייד האָב איך, זיך צו ערמונטערן, געזאָגט דאָס ס'איז דער מיינונג פון א הייפעלע אינטעליגענ־טען. א טעגליכע אידישע צייטונג באציהט זיך און שטיצט זיך מעהר אויף די באדערפענישען און פאָדערונגען פון די ברייטע מאסען. פון די אָרימערע קלאסען און — און אדווער־טייזמענטס.

* * *

דער ערשטער נומער „וועג ווייזער!"

אויבען אָן ווארפען זיך גלייך אין די אויגען די שורות וואָס זיינען געדרוקט מיט די גרעסטע בוכשטאבען:

„פאנגט היינט אָן לייענען דעם שפאנענדען וואונדערלי־כען, אינטערעסאנטען און רעאליסטישען ראָמאן „ביידע גע־שלעכטער" פון דער באליעבטער באוואוסטער, גרויסער שריפט־שטעלערין און שטענדיגע מיטארבייטאָרען פון אידישען „וועג־ווייזער". (דאָ קומט מיין נאָמען)

נאָכדעם — אן „אויפמערקזאם!"

„לעזט דעם עדיטאָריעל פון אונזער גרויסע שריפטשטעט־לערען". ספעציעל געשריבען פאר'ן „וועג־ווייזער".

ווייטער — מיט גרויסע בוכשטאבען, דער עדיטאָריעל אליין און דאָן די בילד איבער וועלכען און אונטער וועלכען עס קומט א באשרייבונג וועגען די גרויסע זאכען וואָס די גרעסטע שריפטשטעלערין וועט שרייבען. דערביי אן איינלאדונג ביי איהר עצות צו פרעגען, וועגען פאמיליען לעבען, וועגען קינדער, וועגען ליבע, אומגליקליכע ליבע (וועגען גליקליכע ליבעס פרעגט מען ניט) און וועגען וואָס מ'וויל! זי וועט אויף אלץ ענטפערען. זאָל מען עס קלאָר און דייטליך אויף איין זייט פאפיר שרייבען אויף אט־א־דעם־א אדרעס פוג דער רעדאקטאַ־

רען פון פרויען פיידזש און צושיקען. מ׳וועט קיין חרטה ניט האָבען...

זעהר פיין... אַ היבשע אדווערטייזמענט, שוין אביסעל צופיל... איך קוק אויף דער צייטונג און קוק ווי אנדערע קוקען אויף דעם. די „הענט" פון אַפּים קוקען זיך מיט באדייטונג איבער און שמייכלען ליבליך צו מיר. איינע גערט צו מיר צו און פרעגט מיך צי בין איך ניט גליקליך: דער גאנצער „פּייפּער איז מיט מיר פארנומען! איך בין גרויס. אַלע ריידען וועגען מיר. מ׳זאָגט דאָס איך מוז קריגען אַ סך געלט — וואהאי, ווען איך ווער אזוי באריהמט אין אן ענגלישען פּייפּער וואָלט איך געמאכט אַ פאָרטשון, פארוואָס שרייב איך ניט קיין ענגליש?

איך גיב איהר צו פארשטעהן דאָס די ענגלישע האָבען שוין גענוג שרייבער. מיר האָבען צו ווענינ... אז די ענגלישע צייטונגען געפעלט מיין שרייבען, זאָלען זיי עס איבערזעצען פון אידיש. איך פיהל מיך היימיש מיט אידיש. כ׳האָב עס ליב.

„אָבער", זאָגט זי, „ס׳באַצאָהלט זיך ניט!"

זי איז די בוכהאַלטערין. זי ווייס, וואָס זי זאָגט... זי ווייס, וויפיל געלט איך באַקום... מיר איז דאָס ניט אַנגענעם. אָבער איך זאָג איהר, דאָס „געלט איז ניט אַלעס". דורך שרייבען אידיש העלף איך דער אידישער שפּראַך צו אַנטוויקלען, און דאָס איז וויכטיגער, ווי — —

„איז אידיש אַ שפּראַך?" פרעגט זי און פאַרענטפערט זיך גלייך, אז זי ווייס ניט: זי קען ניט קיין אידיש. אָט די אַלע דאָ אין אָפּים אַנגעשטעלטע קענען אויך ניט קיין אידיש. דער נאַנער פּייפּער איז פאַר זיי אזוי פיל פארשטענדליך, ווי ער וואָלט געווען געדרוקט אין כינעזיש. זיי ווילען עס מיטנעהמען אהיים און זעהן ווען פון די עלטערע, וואָס זאָל עס פאַר זיי איבער׳יזען און זאָגען זיי, וואָס דאָס איז — — —

זיינען אויסער די רוסיש־שפּרעכענדע אינטעליגענטען אויך דאָ ענגליש־שפּרעכענדע, וועמען דער „פּייפּער" דאַרף זיין נאָ־הענט און איז דאָך ווייט! די ערשטע ווילען ניט די צייטונג, ווייל זי געפעלט ניט, די געפעלט עס ניט, ווייל זיי קענען זי ניט — איז פון וועמען פאָרט ווערען מיר געלעזען? פאַר וועמען געהען מיר ארויס?

די צייט האָט ניט ערלויבט צו לאַנג אויף דער פראַגע פון

לעזען זיך אָפּצושטעלען. זי האָט אויפגעפאָדערט צו שרייבען. ראָמאַן, עדיטאָריעלס, און אַלס טובה, דערוויייל, „ביז די צייטונג וועט זיך שטעלען אויף די פיס", אַלערליי קלענערע און גרעסערע „מאַכערייקעס", כדי איהרע ליידיגע שפּאַלטען אויסצופילען...

א טעגליכע צייטונג, א נייע, מיט ווייניג אדווערטייזמענטס, — מוז א סך דרוק-מאַטעריאַל האָבען; און אז דער גאַנצער עדיטאָריעל-סטעף באַשטעהט פון דריי, הייסט עס ניט, דאָס זיי דאַרפען זייערע אָפּטיילונגען רעדאַגירען, נאָר טאַקע זיי אַליין איינגאַנצען אָנשרייבען!

---

.5

די צייטונג געהט, ווי געשמירט... א דאַנק די שרעקליכע היצען, דאַרף זי ניט מורא האָבען, דאָס מענשען וועלען האָבען געדולד זי מיט אַלע איהרע גרייזען איבערצולייענען...

וויפיל גרייזען! איך מוז יעדען טאָג צו צוויי מאָל די פּרואָווס פון מיין ראָמאַן, עדיטאָריעלס און אַנדערע זאַכען איבערלייענען. און ערשט נאָכדעם, ווי דאָס איז שוין צום לעצטען מאָל געדרוקט, געפינען זיך ווידער גרייזען. עס וואַקסט די צאָהל גרייזען, ווי אויף הייוועז.

די זעצער זאָגען, דאָס זיי זיינען ניט שולדיג. די מאַשין האָט א טבע אָנשטאָט די בוכשטאַבען גאָר אַנדערע ארויסצוואַרפען.

איז געה קריג זיך מיט דער מאַשין!

מר. רעט לויפט ארום, ווי א פאַר'סמ'טער: קיין זאַך געהט ניט, ווי ס'דאַרף, אז ער זאָל פון דעם זיין אויג אָוועקנעהמען. אזוי זאָגט ער. אזוי שרייט ער.

איך וויל אויסמיידען זיינע גוואַלדען. פון זיין האַרטער, רייסענדער שטימע גרילצט מיר אין די אויערען. גיב איך אָפּ דעם רעדאַקטאָר אַלץ, וואָס כ'האָב אָנגעשריבען. קוק איבער די פּרעסע, די אידישע און די ענגלישע, די ביין'ער און די ניו יאָרקער, לייען איבער די פּרואָווס, פאַרריכט די גרייזען, שנייד ארויס פון די צייטונגען אייניגע זאַכען, איבער וועלכע איך דענק, עס איז כדאי צו שרייבען, און קלייב זיך פאַהרען צו זיך, מאַכען זיך באַקוועם און נעהמען זיך צו דער ארבייט. ווי מר. רעט מיט זיינע גוואַלדען שטעלט מיך אָפּ:

— איהר געהט שוין אװעק? ! איהר זײט'ך ערשט גע־קומען!

— איהר דאַרפט מיך דאָ? — פרעג איך.

— שור דאַרף איך אײך! אז כ'װאָלט אײך ניט דאַרפען, װאָלט איך אײך אָהער ניט גענומען. זאָגט מיר, װאָס איז די חכמה פון אײער ניט ארבײטען דאָ, אין רעדאַקציע, װאו אלע ארבײטען? װאָס איז, אײך שטעהט ניט אָן מיט אונז צו זײן? איהר װילט זײן א פרעמדע?...

— איך האָב דאָ קײן פּלאַץ ניט.

— אָה, איהר װילט אַן אָפּיס?

— יע, אַן אָפּיס, און כ'האָב דאָ אפילו קײן דעסק ניט.

— איהר קענט זיך זעצען בײ װעלכען דעסק איהר װילט. און אז מ'װעט אײך אװעקטרײבען, זאָלט איהר עס מ י ר זאָגען! ס'אַלרײט, איהר'ט דאָ קענען שרײבען, אזוי גוט, װי בײ זיך אין רום., אז איהר זאָלט נאָר װעלען.

איך ערקלער איהם, דאָס איך װעל עס ניט קענען און טאַקע ניט װעלען אויך. איך דאַרף האָבען רוהיגקײט, איך קען אין טומעל ניט שרײבען; און בײ קײנעמ'ס דעסק װעל איך מיך ניט זעצען. איך װיל ניט װאַרטען, מ'זאָל מיך טרײבען און ניט קומען זיך אויף דעם פאַר איהם באַקלאָגען. אז איך שװײג װעגען א באַזונדערען אָפּיס, זאָל ער װעגען מײן שרײבען אינ־דערהײם בעסער ניט רײדען. איך ברענג אַלעס, װאָס מ'דאַרף אין דער ריכטיגער צײט; איך זיץ נעכט איבער דעם ראָמאַן.

אהא, דער ראָמאַן! כ'האָב איהם דערמאָנט. ער װיל טאַקע צו מיר װעגען ראָמאַן רײדען. װעל איך זײן אזוי גוט און צו איהם, אין זײן אָפּיס, ארײנגעהן?

איך װעל זײן אזוי גוט.

בין ארײן. זיך געזעצט און געװאַרט צו הערען, װאָס ער האָט װעגען ראָמאַן צו זאָגען. ער אינטערעסירט מיך איצט ניט בלויז װי אַן ארויסגעבער, נאָר אפילו װי א לעזער. ער שװײגט א צײט, צוליגט עטליכע פּאַפּירען אויפ'ן שרײב־טיש און הײבט אָן:

— זאָגט מיר, פּליז, װאָס איז דאָס פאַר א ראָמאַן, װאָס איהר שרײבט פאַר מיר, כ'מײן, פאַר'ן „װעג־װײזער"?

— איהר האָט איהם גאָרניט געלײענט?

— יאָ געלײענט. אביסעל, ניט אינגאַנצען. איך װאָלט װעלען װיסען, װאָס װײטער געהט זײן.

— דאָס הייסט, ס'האָט אייך פאַראינטערעסירט... ס'אַ גוטער סימן... — האָב איך אַ שמייכעל געטאָן.

— סימן — נאָטינג ! כ'וויל וויסען, וואָס ווייטער ט'זיין ניט פאַר מיר, נאָר פאַר'ן לעזער ! כ'וויל וויסען, אויב ס'אין עם פאַראַן, וואָס ס'זאָל נעהמען. וואָס איז דאָרטען אַ חתונה, אַ גט, אַ ממזר, צי וואָס ?

— איהר ווילט אַ ממזר ?...

—וואָס הייסט, איך וויל ? ! ס'ניט, וואָס איך וויל, נאָר וואָס דער לעזער וויל ! האָט איהר דאָרטען אַ ממזר ?

— יע, כמעט...

— וואָס הייסט כמעט ? אָדער איהר האָט , אָדער ניט !

— אָבער (מיר האָט זיך זעהר געוואָלגט לאַכען) איהר ווילט אַ ממזר. גוט. איז ווען... ווער, ווילט איהר, זאָל עס דאָרטען האָבען דעם ממזר, די מאַמע צי די טאָכטער ?

— ווער ? וואָס ווייס איך ווער ? די מאַמע צי די טאָכטער זאָל עס האָבען — האָט עס מיט מיר גאָרנישט צו טאָן ! איך קען דאָס ניט דיקטירען. די הויפּט זאַך איז, אַז די אָדער יענע — נאָר זאָל זי דאָס גיכער האָבען, אין דעם ערשטען קאַפּיטעל וואָלט שוין באַדאַרפט זיין דער ממזר. אַ ראָמאַן אין אַ טעגליכער צייטונג דאַרף זיך גלייך אָנהויבען פון די רעכטע געדיכטע. די מעשה הויבט זיך אָן מיט אַ „פּאַדי" וואו „זיי" באַקענען זיך. איז ווען אפילו זיי זאָלען זיך גלייך פון דעם ערשטען קוק פאַר־ליבען, דאַרף געדויערען אַ 9 חדשים ביז ס'וועט קומען צום האָ־בען דעם ממזר. פרעג איך אייך, וואו וועט דער לעזער נעהמען אַזויפיל געדולד אַזוי לאַנג צו וואַרטען ! ?

„איצט, נאָך אַ זאַך ; — האָט ער ווייטער גערעדט, זעהענדיג, ווי איך האָב געשוויגען : עס פיהרט זיך אַז אין אַ ראָמאַן זאָלען זיין גוטע און שלעכטע העלדען. דאָס הייסט פיינע אָנשטענדיגע, מאָראַלישע און פאַסקודניאַקעס. ביי אייך אָבער זיינען די גוטע אַביסעלע שלעכט און די שלעכטע אַביסעלע גוט אויך. ס'מוז נעהמען צייט ביז מ'זאָל זיי אויף ריכטיג דערקענען וואָס זיי זיינען. און נאָך אַ זאַך : צו וואָס מאַכט איהר דאָרטען דעם העלד פאַר אַ שרייבער, פאַר אַ פּאָעט ? האָט איהר ווען געזעהן דאָס אַ אידישער שרייבער זאָל שפּילען אַ ראָליע אַלס אַ העלד ? איך — ניט, נעוועך ! איהר'ט דאָך פאַר די זעלביגע געלט געקאָנט איהם מאַכען פאַר אַ לאָיער צי פאַר אַ דאָקטאָר צי פאַר אַ מאַנופעקטשורער, וואָסי, ס'קאָסט

איך טייערער? וואָס פאר א פנים קען האָבען דער ממזר, ווען ער וועט שוין קומען, אז זי, די באטראָגענע, די אָפּגענארטע, די פארפיהרטע וועט דערמיט קומען צו א פּאָעט?! וואָס קען זי ביי איהם מאָנען? וואָס קען זי פון איהם קריגען? כ'פרעג איך, וואָס?!

— און וואָס, פרעג איך אזוי רוהיג, וועט זי קריגען פון א לאָיער, א דאָקטאָר צי א מאנופעקטשורער?...

— וואָס?! האָט ער ווי פארוואונדערט אויסגעשריען. ווי קענט איהר פרעגען וואָס? פון אזעלכע קען זי קריגען געלט. אלימאָני, כ'וויים וואָס? וואָס קען זי פון אזעלכע קריגען? וואָס קען זי פון אזעלכע ניט קריגען!? אז די הויפּט זאך איז ניט וואָס זי וועט קריגען, ווי דער פייטען, דער טריילען זיך פאר דעם. איהר וואָלט אין אזא קיים קענען שרייבען וואָס די „פּיי־פּערס" זאָגען. ארויסנעהמען עפּעס וואָס די העלדען מיט'ן דזשאָדזש מיט די לאָיערס לעזען וועגען דעם אין אידישען „וועג־ווייזער". — איהר פארשטעהט?...

— ווי איך פארשטעה ווילט איהר ניט איך זאָל פאר אייך שרייבען א ראָמאַן, נאָר אַן אדווערטייזמענט.

— הלואי קענט איהר דאָס! אז וואויל וואָלט מיר געווען!

— פארוואָס זאָלט איהר ניט שרייבען א ראָמאַן?...

— פארוואָס? פארוואָס צאָהל איך אייך?

— איהר צאָהלט מיר פאר עדיטאָריעלס שרייבען. בלויז פאר עדיטאָריעלס און פאר רעדאַקטירען.

— איך צאָהל אייך פאר אלץ!

— ניין. פרעגט, אז איהר ווילט, דעם רעדאקטאָר, מר. קאם. ער וועט אייך זאָגען אז... ניט פאר אלץ.

— איך האָב איהם ניט וואָס צו פרעגען... איך וויים אליין פארוואָס ווען איך צאָהל. און אז ס'איז אייך ווניג אזוי פיל, טאָ בעט מעהרער.

— וועט העלפען דאָס בעטען?...

— ווען די צייטונג וועט זיך שטעלען אויף די פיס, ווען איהר וועט העלפען די צייטונג שטעלען זיך אויף די פיס...

— אויף וועלכע פיס. וויפיל פיס דארף עס האָבען?...

— איהר מאכט „פאַן" פון מיין פייפּער?

— אז איהר מאכט אזוי צו גאָרנישט מיין שרייבען...

— איך האָב א רעכט צו זאָגען אייך וואָס איהר זאָלט שרייבען. איך צאָהל אייך די ווייזשעס ניט קיין אנדערער.

ווייסט איהר אז ווען כ'זאָל וועלען קען איך אויסקומען אינגאַנ־
צען אָהן שרייבער?

— ווי אזוי?

— איך קען איבערדרוקען א גאנצען פייפער פון אן אנדער
פראָווינץ־שטאָדט פאר א 10־12 דאָלאר א וואָך!

— יע?

— יעס, יעס. דעם גאנצען פייפער!

— ס'איז א מציאה, א „בארגיין!"...

— כ'מאך א וועט אז סאיז! בעליוו מי!

— איז פארוואָס טוט איהר דאָס ניט?...

אויף דער פראגע האָט ער זיך קענטיג ניט געריכט, וויל
ער האָט א צייט געשוויגען ביז ער האָט זיך צונויפגעקליבען
ווערטער אויף צו ענטפערען:

— פארוואָס כ'טו דאָס ניט? בעקאָס. ס'בעקאָס איך וויל
אנדערע געבען א טשענס... סי? — איז ער בעסער געוואָרען —
איך גלויב אין לעבען און לאָזען אנדערע לעבען.

— דאָס איז זעהר פיין פון אייך... ווירקליך!...

— ס'איז! און איך וויל מ'זאָל מיך פאר מיין פיינקייט
אפרישיאייטען. מ'זאָל זיך צוהערען צו וואָס כ'זאָג. אז איך
זאָג עפּעס ווייס איך וואָס כ'זאָג. כ'זאָג אז נעווער מיינד ליטע־
ראטור. פאר דעם איז דאָ פאראן א לייברערי. א גרויסע לייברע־
רי. איך וויל א שפאנענדען ראָמאן. א שונד ראָמאן. אזעלכע ווי
די וואָס זיי גיבען אין די ניו יאָרקער פייפערס. מיט מיליאָנע־
רען, מיט ממזרים, מיט טרייעלס און אלימאָני, מיט דעטעקטיווס
און מיט גענגסטערס! ווי לאַנג, דענקט איהר דעם ראָמאן
אייערען צו ציהען?

— אז איהר ווילט קען איך איהם שוין ענדיגען...

— און שרייבען אזא ווי איך זאָג אייך? הא?

— ניין, איבערלאָזען דאָס צו די וואָס קענען עס...

— מאכען מיר א באזונדערען עקספּענס? טהענקיו!

— ...אז ס'קאָסט געלד — איז ווערט געלד...

— פארוואָס זאָלט איהר ניט שרייבען אזוי ווי כ'זאָג אייך?

— איך קען ניט.

— איהר קענט יע, נאָר איהר ווילט ניט!

— זאָל זיין אזוי...

— אָבער דאָס טאָר אזוי ניט זיין! איהר זייט דאָ ביי מיר
אין „וועג ווייזער" און זייט „סופּאָזד" צו טאָן וואָס מ'דארף...

ס׳איז פֿאַר אייער טובה וועגען ווי פֿאַר מיינער. איך וויל איהר זאָלט ווערען אַ טייל פֿון דעם „פּייפּער". דער פּייפּער זאָל אָהן אייך ניט קענען אויסקומען.

— צו וואָס זאָלט איהר מאַכען אייער פּייפּער אַזוי אָב־הענגיג פֿון מיר. בעסער מאַכט איהר זאָלט אָהן מיר יע קענען אויסקומען. דאָס וועט זיין בעסער פֿאַר אייך... אין פֿאַל איך וועל אַוועקפֿאָהרען...

— איהר ווילט אַוועקפֿאָהרען?

— אויב איהר וועט מיר שטעלען אַזעלכע פֿאָדערונגען וועלכע איך קען ניט נאָכקומען —

— אַזוי. ס׳בענקט זיך אייך נאָך נ. י. ס׳ציט אייך אַהין... נו, אויב אַזוי: אַז איהר זאָלט זיין דאָ און די נשמה אייערע דאָרטען, טויג ניט! איהר דאַרפֿט אינגאַנצען זיין דאָ!

— איך בין.

— נאָ מעם, איהר זייט ניט! ! נאָ סערי!!

איך האָב געזאָגט דאָס כ׳בין און ער האָט געזאָגט כ׳בין ניט ביז מען האָט שוין גענומען צומאַכען די בילדינג. אַלע זיינען זיך אַהיים צופֿאָהרען, בלויז קאַם איז איבערגעבליבען פֿאַר איהם, זיין אַרויסגעבער, זיין באָס צו וואַרטען כדי מיט איהם גלייך אַ היים צו געהן.

---

## 6

איך קוק אויף מיין ראָמאַן און טראַכט דאָס מען דאַרף שוין מאַכען אַ סוף צו איהם: אַזוי שרייבען ווי דעם רעט געפֿעהלט, וועל איך ניט!

עס פֿאַרדריסט מיר אויף זיך צו וואָס איך האָב עס גאָר אינגאַנצען אָנגעהויבען: דער „וועג וויייזער" איז ניט אַ צייטונג וועלכע מ׳זאָל דאַרפֿען וועלען אוים ליבע צו ליטעראַטור אויפֿ־בויען. ס׳איז ביזנעס. גאָרנישט אויסער ביזנעס! ס׳איז אַ קראָם אַ פּשוט׳ע וואָס באַלאַנגט צו אַזאַ מין פּערזענליכקייט וואָס האָט מיט קונסט גאָר נישט צו טאָן. ער וויל אָט די סחורה; ביליגע, שרייענדיגע, וואָס זאָל דעם פּראָסטען עולם׳ס אויפֿ־מערקזאַמקייט צוציהען.

ער דאַרף אַ פּויק, ניט אַ פֿידעל, ער וויל קנאַבעל מיט רע־טאַך מיט ציבעלע ניט קיין קאָמפּאָט.

ער האָט טאַקע געזאָגט קאָמפּאָט: „איהר סערווירט קאָמ־

פּאָט". און נאָך: „דער לעזער וויל פּיש מיט כריין, ער וויל פ ל י י ש און איהר גיט איהם טשיקען!"

איך האָב גענומען איבערקוקען מיין ראָמאַן און אַ רחמנות געפיהל האָט מיך צו מיינע העלדען דורכגענומען: וואוהין האָב איך זיי פאַרפיהרט? ווי קומען זיי אין „וועג ווייזער?" וואָס האָב איך צו זיי, און צו זיך? גאָט מיינער! מיר איז אַזוי היים אַז איך ווער פאַרברענט. איך וואָלט גאָר בעסער ערגעץ וואו ביים ים געלעגען און די „וואָירלדס אילוזיאָן" געלייענט, און אליין עפּעס רעכטס געשריבען. עס ליגען ביי מיר טעמעס און בעטען זיך איך זאָל זיי אויפ'ן פּאַפּיר ארויסברענגען. אויף וועמען לייג איך דאָס אָפּ צו שרייבען? גאָט מיינער, איך קען דאָך נאָך דערוויילע שטאַרבען!...

איך שרעק מיך ניט פאַר'ן טויט. אַזוי זאָג איך מיר... כ'גלויב, אַז ס'איז דערפאַר וואָס מ'זאָגט דאָס שרייבער זיינען אונשטערבליך...

יאָ, זיי זיינען אין אַ געוויסען זין טויט ווען זיי לעבען און לעבעדיג נאָך דעם ווען זיי שטאַרבען...

אלענפאַלס האָט די וועלט אַ בעסערען מיינונג וועגען אַ טויטען שרייבער ווי וועגען אַ לעבעדיגען און די צייטונגען אויך און די שרייבער־געזינדעל אודאי... זיי קומען גלייך ארויס מיט קלאָגעדיגע ארטיקלען, צוגיסען זיך מיט שווארצע טרעהרען, אויף גאַנצע קאָלומס.

קורץ,, אויב מ'וויל אַ פאָלשטענדיגע אנערקענונג באַקומען, דאַרף מען זיך אוועקלעגען און שטאַרבען...

כ'האָב מיך אוועקגעלעגט אָבער, כ'בין ניט געשטאָרבען. כ'האָב זיך פאַרטיפט אין די „וואָירלד'ס אילוזיאָן". אַ ווערק פול מיט קאָנפליקטען פון גוט און שלעכט, פון שטאַרקען גלויבען דאָס דער בייזער גייסט רעגירט און פאַרפיהרט געוויסע פּאַרשוינען. אַ בוך פול מיט רעוואָלט און פּראָטעסט געגען פאַלשע אידעען און באַגריפע. זיין פעסימיזם (יעקב וואסערמאַנ'ס) באַרויבט דעם לעזער פון האָפנונג אויף בעסערס. זיינע כאַראַקטערען זיינען סימבאָלען פון אַ געהיימע מאַכט אַנשטאָט צו זיין פּשוט'ע מענשליכע באַשעפענישען. אָבער זיי האָבען אַזאַ קראַפט, אַז מ'מוז מיט זיי ווערען הינגעריסען. עס איז שווער זיך צו שיידען מיט'ן בוך. (מיט די צוויי ביכער, ס'איז אין 2 טיילען) ביז מ'האָט זיי ניט איבערגעלייענט.

זיך גוט אָנגעלייענט מיט דער „וועלטס אילוזיע", האָב

איך באשלאסען מיין ראמאן פאר'ן „וועג וויזער" וואס גיכער פארטיג צו מאכען און זאל איהם רעט יע אדער ניט דרוקען.

אז ניט — איז נאך בעסער: וועל איך איהם א געשריבענעם אהן גרייזען, ביי זיך האבען אויף צו פארקויפען.

די אידיש רוסיש־שפרעכענדע קאלאניע איז געלאפען פון היץ אויסער'ן שטאדט זיך צו באהאלטען און מיך אהין גערופען, אבער איך האב געמוזט זיך אפזאגען פונ'ם פארגעניגען צו פאהרען. איך האב געצווייפעלט אויב כ'וועל לאנג אין „וו. וו." פארבלייבען...

די אינטעליגענץ האט זיך ניט געוואונדערט וואס איך וועל, קען זיין, דעם „וו. וו." פארלאזען. עס האט זיי גאר געוואונדערט וואס איך בין אין אזא בלעטעל געקומען מיטארבייטען. ווי קום איך צו אזא שמאטע? אז ווען ניט מיינע, איז דארט גארנישט דא וואס צו לעזען: „איהר" האבען זיי געזאגט, פילט אויס די גאנצע צייטונג ווען ניט אייערע — — און וואס צאהלען זיי אייך דערפאר? איז כאטש כדאי פאר דעם צו שרייבען?"

עס פארשטעהט זיך דאס איך האב זיי ניט געזאגט וויפיל איך באקום געהאלט און אפילו ניט געפרעגט אויב זיי לעזען וואס איך שרייב. בין כמעט געווען זיכער אז ניט. אין אזעלכע היצען איז אפילו צו הייס געווען צו טראכטען ניט נאר צו לעזען.

זונטאג האב איך זיך אפגעזאגט פון „אויסגעהן" און באשלאסען צוצוגרייטען מעהר קאפיע פאר'ן ראמאן.

שרייב איך איהם אזוי, זיצענדיג אין א קלייד וואס איז אזוי זומערדיג אזוי גרינג און דורכזיכטיג דאס דער ווינטעלע וואס באוועגענט זיך פון צווישען טיר און פענסטער, קומט צו מיר גלייך צו... איך פיהל מיך באקוועם, איך פיהל ווי א סך ארבייט אויפצוטאן ערשט — דער טעלעפאן!

ווער? וואס? — מר. רעט! איך זאל קומען אין רעדאקציע. וואס? היינט, זונטאג?

„נו, וואס איז אז זונטאג? איהר דארפט געהן אין טשוירטש?"

איך וויל וויסען צו וואס ער דארף מיך דארט און ער איז גאר עפעס ווי ברוגז וואס איך פרעג דאס: וואס הייסט אויף וואס? עס פארשטעהט זיך אז אויף שרייבען. וואס שרייבען? אז איך וועל קומען, וועל איך זעהן וואס. פארוואס זאל איך דאס גאר פרעגען? אז ער זאגט קומען — דארף איך גאר נישט

פרעגען און קומען. און טאקע שוין, גיכער, אז ניט וועט זיין צו שפעט...

אין שטאָדט איז אונמעגליך געווען אזוי גיך ווי מ'וויל צו קומען. וויפיל מ'זאָל ניט פאָהרען, מוז מען נאָך דערצו א סך געהן אויך. געדרעהטע סטריטען וואָס זיינען געמאכט געוואָרען נאָך די קר:מע סטעזשקעס וואָס די בהמות האָבען דאָרט אמאָל אויסגעטראָטען. זיי האָבען דאָס אויסגעמאכט דעם פּלאן פאר'ן שטאָדט און די מענשען געהען, זייט דאן, אין זייערע וועגען...

בין איך געגאנגען, געפאָהרען, ווידער געגאנגען און ווי אן אָפּגעקאָכטע פון דער משונה'דיג גרויסע היץ — געקומען.

בין געקראָכען די הויכע טרעפּ פון דער אַלטער בילדינג און זיך ביי יעדער פלאָר אָפּגעשטעלט כדי אָפּצוכאפּען דעם אָטעם. איך האָב געפיהלט דאָס איך מוז זיך א ביסעל אָפּקיהלען ווען ניט חלש איך, כ'שטארב!

— אָה, איהר זייט דאָ! באגעגענט מיך רעט מיט אן איראָנישען שמייכעלע: זיך געלאָזט בעטען, אָבער דאָך גע־קומען!...

— אויף וואָס באדארפט איהר מיך? פרעג איך.

— אָט, זאָגט ער, וועל איך אייך שוין זאָגען. און ער געהט אריין אין פרינטינג רום.

קלער איך, אז עפּעס מוז זיין מיט'ן עדיטאָריעל וואָס אויף מאָרגען. איך מיין אז ס'איז גוט. אָבער, ס'איז דאָך ניט אַלץ ווי איך מיין... איך דערזעה דערוויייל מר. קאם און פרעג איהם וועגען עדיטאָריעל: „געהט ער אריין אין דעם נומער?" שור! זאָגט ער. און קוקט פארוואונדערט פארוואָס איך פרעג דאָס גאָר אזא זאך.

— איז צו וואָס, זאָג איך, האָט איהר מיך אהער גערופען?

— איך, שמייכעלט ער מיט אזא אָפּגעשוואכטען שמייכעל, האָב אייך ניט גערופען. מר. רעט האָט אייך גערופען. ער וויל איהר זאָלט ארבייטען אין רעדאקציע... אזוי ווי מיר אלע... ניטאָ ביי איהם קיין יחסנים... אלע גלייך...

— אָט איז דאָס! —קומט אָן רעט מיט א פּאק א גאנצען פון מאָדעם אויף פּאפּירען און קארטאָנען.—איהר דארפט דאָס פאר־נאנדערשנײידען און אָנשרייבען ווי די סטיילס צו מאכען אין אידיש און עס ארויפקלעפּען אויף די ענגליש און טהאטס אָל. דאָס אַלעס, א קינד קען דאָס טאָן!

איך בין איבערראשט: וואָס פאר אן ארבייט ער האָט עס פאר מיר געפונען!

„מאַכט'ס!" טוט ער צו מיר אַ גיב די מאָדעס — כ'דאַרף עס האָבן, יעדער וואָך וועט איהר אַזוי פיל מאַכען און דאָס וועט אַריין צו צוויי־דריי אַ טאָג.

איך אייל זיך דאָס ניט צו מאַכען, איך וויל זיך פריהער אָפּקיהלען און אָפּגעהן פון כעס... אַזאַ העזה צו האָבען מיך פון מיין אַרבייט (וואָס איז אויך פאַר איהם) אַזוי, פאַר גאָרנישט פּלוצלונג אָפּרייסען און ביי אַזאַ זאַך אוועקזעצען!

מ'דאַרף איהם, טראַכט איך, דערפאַר גוט אָנזידלען, און איך זידעל דערווייל זיך פאַרוואָס כ'קען ניט זידלען... כ'בין, ווי ווילסאָן האָט געזאָגט, אויף אַמעריקע (בעפאָר ס'איז געגאַנגען העלפען די עללאַים אָפּנעמען דעם מיליטאַריזם ביי דייטשלאַנד...) „טו פראַוד טו פייט!"..

איך זעה ווי רעט קוקט אויף מיר פון ווייטען ווי איך פּאַק זיך מיט'ן פּעכער און פּלאַצט פאַר באָס'ישע ערגערניש... איך, זעהט ער, בין ניט פון די וואָס כאַפּט גיכער פאַלגען וואָס מ'הייסט איהר. און נעהמט זיך צייט...

— וואָס איז דאָס, קומט ער צו מיר נעהענטער, ס'איז אייך היים?

— זעהר היים!

— פאַרוואָס איז מיר ניט היים?

— כ'ווייס ניט.

— ווען איהר מאַכט ניט אַזוי מיט'ן פּעכער וואָלט אייך אַזוי היים ניט געווען און איהר וואָלט קענען אַרבייטען, צו וואָס מאַכט איהר אַזוי?

— ס'איז מיר בעסער אַז כ'מאַך אַזוי.

— אייער פּלאַץ איז ניט אין קיין רעדאַקציע נאָר ביים ים, וואו די מיליאָנערען זיינען...

— איך מיין אויך אַזוי...

— איז פאַרוואָס געהט איהר ני טאַהין? צום ים?

— איך וועל געהן.

— ווען וועט איהר אַהין געהן?

— אָה, ווען איך וועל קענען.

— איצט קענט איהר ניט? וואָס קען עס א י י ך אָפּהאַלטען?

— אַ וואָרט: כ'האָב צוגעזאָגט העלפען שטעלען דעם „וועג־ווייזער" אויף די פיס, אויף אַלע פיר...

— איהר לאַכט אָפּ פונ'ם „וועג ווייזער"? פון אייער אייגענעם פּייפּער? זעהר פיין. פאר וואס געפעלט ער אייך ניט? און אז איהר געפינט דאָס ער איז ניט ווי ער דאַרף צו זיין, פאר וואס זעהט איהר איהם ניט צו מאכען בעסער? אָט זיצט איהר און פענט זיך און די ארבייט ליגט ניט גע־טאָן...

— וועמעס ארבייט?

— א י י ע ר ארבייט!

— דאָס איז ניט מיין ארבייט.

— איהר זייט דאָך דאָס געקומען טאָן, ניין?

— איך בין געקומען ווייל איהר האָט מיך גערופען. און אז איך וועל דאָס טאָן, וועט עס זיין בלויז אלס א טובה און — ווייל איך בין שוין דאָ.

— אָה, אזוי גאר, א טובה?

— יעס, מר. רעט, א טובה.

— און פאר וואס צאָהל איך?

פאר עדיטאריעלס און פאר רעדאגירען די פּרויען־פּיידזש.

— דאָס איז דאָך פאר'ן פּרויען פּיידזש! ס'איז דאָך סטיילס!

— יע? אָבער איך מוז דאָך ניט אלץ אליין אָנשריי־בען. דאָס וואלט איהר קענען געבען אייער לערן־אינגעל וואס לערענט זיך אויף די פּראָוואָוס ווי צו מאכען גרייזען.

— נו, וועט ער דאָך עס מאכען מיט גרייזען!

— וועל איך עס, רעדאגירענדיג, קאָרעגירען.

— אה, אזוי!

איך האָב זיך געריכט ער זאל זאָגען דאָס איך זאל איהם קיין טובות ניט טאָן, אבער ער האָט געשוויגען.

איך האָב געטראכט מילא, כ'וועל ארבייטען. זאל מיי־נע איבערגעהן. אָבער א צווייטען מאָל וועל איך פאר אזא מין „דזשאב" אין רעדאקציע ניט קומען.

---

פאר'ן אוועקגעהן פון רעדאקציע האָט זיך מר. רעט פאר מיר געשטעלט אויסריידען דאָס הארץ אויף די ניו יארקער פּייפּערס וואס זיי לאָזען די פּראָווינציעלע א קאָפּ ניט אויפ־הייבען. פון אלץ גיבען זיי! איז וויל ער זיך מיט זיי אָפּ־רעכענען. געבען אזעלכע זאכען וואס האָבען צו טאָן מיט

בין׳ם טאָג־טעגליכען לעבען, און דעריבער זאל איך מיך לאזען איבער די בין׳ער סטריטען מיט די ארומיגע זומער־פלעצער און זאמלען שטאָף פאר׳ן „ור־וו״. פון סאמע צאפּעלדיגען איב־האלט. ער איז זיכער אז איך וועל דאס קענען מאכען. אז ניט איך — איז קיינער ניט!

ער האָט אזוי פיל גערעדט וועגען דעם אז כדי אפּצור־טשעפּען זיך פון איהם האָב איך צוגעזאגט זיך צו לאָזען אי־בער דער שטאָדט און אומגעגענד אביסעל פון די היימישע מאכלים פאר׳ן „וו.־וו.״ צו ברענגען, און אזוי, אנשטאָט אפּ־זאָגען זיך פון איבעריגע ארבייט, — נאָך איבעריגע ארבייט צו טאָן זיך אנגענומען. — — — — — — — — — — —

---

7

די שטאָט איז ווי אין א מאנטעל פון פייער איינגעוויקעלט און איך געה איבער איהרע שלעכט־ברוקירטע סטריטען צו זו־כען מאטעריאל פאר׳ן „וועג־ווייזער״.

איך געה און טראַכט דאָס איך בין משוגע, וואס איך געה. צו וואס האָב איך זיך אזא זאך אָנגענומען צו טאָן? זיך בעדארפט גלייך דערפון אפּזאגען; זאָל רעט, אז ער וויל, פאר אזא ארבייט אימיצען אנדערש אָנשטעלען.

בין איז א שטאָט אין וועלכער קיינער ווייס ניט אויף ריכטיג וואו מ׳געהט: אפילו די איינגעבוירענע בינ׳ער האל־טען כסדר אין בלאָנדזשען. געה איך און בלאָנדזשע. איך זאָג מיר צו דאָס כ׳וועל ניט פארפאלען ווערען. מיין אדרעס האָב איך דאָך, וועל איך שוין דעם וועג צו זיך געפינען.

זיס־זויערע ריחות, צוקאָכטע פון היץ, שלאָגען צום נאָז. ס׳איז די אָרימע געטאָ. דער אידישער קבוץ.

איך ברעך מיר די פיס איבער די הייסע, קרומע שטיי־נער און אין געדאנקען שרייבט זיך ביי מיר דער עדיטאריעל:

„מיר נעמען זיך איבער מיט זאכען וואס זיינען שעהן. — מיר שעמען זיך מיט די וואס זיינען מיאוס. דאס איז נאַטירליך. אויך איז נאַטירליך דאָס די וואס זיינען אפילו ניט אזוי שעהן, נאָר זיי זיינען אונז נאָהענט, זיינען זיי אונז טייער. עס טוט וועה דאָס הארץ פאר זיי, און אנשטאָט פיינט האָבען זיי, האָבען מיר גאר רחמנות. עס ערגערט אונז פאר וואס זיי זיינען „ניט מיט אלעמען״.

אזוי פיל וועגן דער „פארערדע״. דעם ערשטען אריינ־טריט און ווייטער:

„עס איז א חרפּה און א וועהטאָג צו זיין געדריקט, גע־פּרעסט ווי הערינג אין די פעסלאך ווען די וועלט פארמאָגט אזוי פיל גראמקייט און פרייהייט...

„די מענשען פון דער געטאָ שטיקען זיך אין ענגע, שמאָ־לע, אומריינע געסלאך. און זייערע קינדערלאך, אויסגעשמיר־טע אין בלאָטע, שפּילען זיך אויסגעזעצט צו דער געפאהר פון די וועגען, טראָקס, אויטאָמאָבילס און קארס איבערגעפאָהרען צו ווערען.

„אונטער אזעלכע שרעקליכע באדינגונגען, אין פאר׳סמ׳טען לופט פון די שמוץ וואס וואלגערט זיך ארום וואוינען זיי דאָ, אונזערע אידען פון דער געטאָ, און טוען „ביזנעס״. דאָס עסענ־ווארג אין די גראָסער־סטאָרס איז באלאגערט פון פליגען און די קליידער — זיי הענגען איבער די טירען אזעלכע מידע, פאר׳חלש׳טע, ווי די נשמות וואָלטען ביי זיי נאָך סוחרים אויס־געגאנגען...

„פאר די זעלבע סחורות, ווען מ׳ווייזט זיי מיט׳ן בעסערען זייט אין דער גרויסער סטאָר, צאָהלט מען גרעסערע פרייזען און מ׳מיינט, אז ס׳איז ווערט אויך. דאָ דוכט זיך קויפט מען עס אויס רחמנות צום פארקויפער, און וויפיל מ׳גיט — איז צופיל... איבערגעצאָהלט...

„אפשר איז דאָס די ריכטיגע „ביזנעס״ אזוי די סחורות צו ווייזען?״

אויף דער פראגע פארוואס איינער, א געטאָ־ביזנעסמאן מאכט ניט די סטאָר אויסזעהן שעהנער און ריינער, האָט ער געענטפערט:

„פארוואָס? דערפאר וואָס כ׳וויל ניט פארטרייבען קיין קאָסטאָמערס, אז זיי זאָלען דערזעהן דאָס סחורה אויסגעשטעלט ווי אין די פענסי סטאָרס, וועלען זיי מיינען אז איך רעכען העכערע פרייזען און מ׳וועט מורא האָבען די טיר צו עפענען.״

דאָס הייסט, אז די בלאָטע, די אפּגעלאָזענקייט, מאכט זיי פיהלען זיך היימליך: אייגענע מענשען, מ׳קען זיך מיט זיי דינגען, אראפּדינגען, אויסדינגען, אבי געבען וואס צו לייזען...

צום סוף האָב איך געטראכט וועגען שרייבען עפּעס איבער די שעהנע, אָנגענעם אויסזעהענדע טיפּען וואָס באגעגענען זיך אין דער געטאָ: וועגען דעם אידען מיט׳ן הדרת פּנים, וועגען

דער פּשוט׳ער אָבער חנ׳ודיגער אידישער ווייבעל מיט׳ן קינד ביים פענסטער, ווי א מאַדאָנע, און די אלטע מאמעדיגע אידענע וואָס זאָרגט זיך אפילו אזוי וועגען די קינדער פון איהר קראַנקער שכנה. יע, אָפּגעלאָזענע, אָרימע אָבער אייגענע, אייגענע, ווי יענע זינגט דאָרטען:

נית קיין געבעטענע, אליין געקומען,
כאָטש אן אָרימע, דאָך א מומע.
אָרים איז נית גוט, אָרים איז נית גוט,
לאָמיר זיך נית שעמען מיט אייגענע בלוט! ...

קוים געטראָפען פון דער געטאָ אין רעדאקציע, האָב איך זיך גיכער גענומען דעם עדיטאָריעל אָנשרייבען.

דער רעדאקטאָר, מר. קאם, איז א צוואוויאנעטער פון היץ קוים ארומגעגאנגען. קוים וואס ער האָט גערעדט. מיר האָט זיך גערוכט, דאָס ער וועט באלד שטעהענדיג איינשלאָפען.

סאַן האָט א צוטראַפּילדערטער מיט פיבערהאפטער שנעל־קייט איבערגעקוקט די גרייזען וואס מ׳האָט אויף זיין פראָנט פּיידזש אָנגעמאכט. ער האָט מיר צוגעטראָגען דעם „וו. וו.״ און געוויזען:

— זעהט וויפיל גרייזען. צעהלט נאָר איבער!

— ווער האָט עס איצט צייט צו צעהלען!

— עס איז משוגע צו ווערען! ס׳א שרעק! א סקאַנ־דאל!

— ס׳איז צו היים, מר. סאַן, צו זיין אזוי „עקסייטעט״, קיפּ קול...

— כ׳קען נית, שטעלט אייך פאר, ביז 36 יאָהר בין איך געווען דער מאמע׳ס באַי. געזעסען מיט איהר זומערס גאנצע אויפ׳ן פּאַרם און אויפ׳ן 37טען, אז איך האָב זיך שוין אזוי אונטערנומען צו ארבייטען, איז אלץ, וואָס ס׳קומט דערפון ארויס — איז גרייזען! איך קען מעהר נית אזוי. איכ׳ל משוגע ווערען! די מאמע מיינע וויינט און קלאָגט: וואָס הרג׳עסטו זיך אוועק? וואס פאר א טויט האָסטו זיך דאָס אויסגעקליבען?

— טאקע, גיב איך צו, אז שוין א טויט האָט איהר זיך געקענט אויסקלייבען א גרינגערען.

— אז ווער זאָל דאָס געווען וויסען ווי ס׳וועט זיין?

דער רעסט האָט מיר געזאָגט רעדאקטירען די פּראָנט-פּיידזש, אָל רייט. כ׳בין שוין אמאָל געווען א שטיקעל רעדאקטאָר.

ס'איז געווען דווקא א גרינגער דזשאָב. כ'פלעג קריגען פרייע פעסעס אין יעדען טעאַטער, וואו כ'האָב געוואָלט געהן און כ'פלעג נאָך אנדערע אריינעמען. כ'האָב געמיינט, אז דאָ וועט אויך אזוי זיין. איז ערשטענס — זומער, ניטאָ קיין טעאטער; און, צווייטענס, ווען ס'וואָלט אפילו זיין ווינטער איז ווער וואָלט עס האָבען צייט צו געהן, אז כ'מוז אזוי פיל פייפערס איבערלייענען און די גאנצע נייעס אנשרייבען און די אלע פּרואווס איבערלייענען, און צום סוף, די אלע גרייזען זעהן! קען מען ניט משוגע ווערען? איך פרעג אייך!

— מ'קען.

— מ'קען שטאַרבען!

— מ'קען דאָס אויך, אז מ'וויל...

— מיך אַרט ניט, פון מיינטוועגען איז שוין בעסער שטאַרבען.

— נו, אז א י י ך אַרט ניט —

— טאַקע, איז ווי אזוי זאָל דאָס אנדערע אַרען? — גיט ער צו.

פון איינצעלנע, אָפּגעהאַקטע ווערטער פאַרשטעה איך דאָס דער סאָן וויל טאָן א סך ארבייט, כדי אָן עפּעס פאַרגעסען. אַן אומגליקליכע ליבע, אודאי. ניט האָבענדיג געװוג ווילענס־קראַפט זיך אויף א מאָל צו טויטען, טויטעט ער זיך אין פּאַרטזעצונגען...

זעהענדיג ווי ער פייניגט זיך מיט'ן „וו. וו." דוכט זיך מיר, דאָס ער האָט דעם שווערסטען אבער זיכערסטען מיטעל פאר זעלבסטמאָרד אויסגעקליבען...

— איז וואס, — פרעגט ער, — זאָגט איהר, מ'קען אזוי שטאַרבען?

— מ'קען.

—און קיינעם וועט עס ניט אַרען? אייך אויך ניט?

— ניין... אז אייך געפעלט אזוי צו שטאַרבען, איז שטאַרבט אייך אזוי געזונטערהייט... ס'אייערע ביזנעס...

ער לאַכט און זאָגט:

— איהר וועט אויך פון אזוי פיל ארבייטען לאנג ניט ציהען. צו וואס, פארוואס שרייבט א י ה ר אזוי פיל? ווי וואָגען זיי אויף אייך אזוי פיל ארבייט ארויפצואווארפען? ס'איז א גאזלאוואָיע! גערופען, ועבעטען האָט מען אייך אויף איין זאך און טאָן מוזט איהר אזוי פיל זאכען! אָט קוקט

אויף שטיינ׳ען וואָס טוט ער? כ׳פרעג איך, וואָס טוט ער? דרעהט זיך ארום דאָ אין אָפּיס צווישען די מיידלאך און טשעפּעט זיך צו זיי. נאָר ער וויל זיי לערנען אידיש! ... און אלץ מיט די הענט. אזא גארנישט דאָס איז! אז זיי ווילען דאָס גאָר ניט. ס׳איז זיי גוט, אז זיי קענען ניט. אָט ארבייטען זיי אין א „וו. וו.״ ניט קענענדיג קיין אידיש. אז ניט איז ער אויסען זיי צו לערנען, זיי זאָלען דאָס קענען? גארנישט! מיידלאך! בינדט ער זיך צו זיי... ער זוכט א כלה!

— אויך ניט קיין עולה...

— ער ווייסט אָבער ניט ווי און וואו זי צו זוכען!

— ער האָט שוין, דאכט זיך, געפונען א נייע אין די בראָנקס, אין ניו יארק.

— אין די בראָנקס? מיר האָט ער געזאָגט אז אין בראָנזוויל.

— וואס איז דער אונטערשיד?

— גאָר נישט, אבער אז ער האָט שוין דאָרטען געפונען א כלה איז וואס זוכט ער דאָ?

— ער קען נאָך חרטה האָבען...

— נאַ, ער׳ט שוין בלייבען אזוי, אַן אלטער בחור.

— מעהר קיין צער זאָלט איהר ניט האָבען.

— ס׳געהט מיר ניט אָן, אָבער כ׳קען ניט זעהן, אז ווען איך זיץ און ארבייט אַזוי שווער, שפּילט ער זיך ארום. אמת, ער קריגט א קלייניגקייט פאר זיין ארבייט, ער ברענגט דאָרט א באריכט צי וואס פון סאָסייעטים, פונדעסטוועגען דארף ער זיך אזוי ניט האלטען.

מר. רעט קוקט אויף סאָן׳ען ווי ער שטעהט אזוי און רעדט. סאָן דרעהט זיך אוים און געהט אוועק צו זיין דעסק. רעט קומט צו מיר צו:

— שוין פארטיג דער עדיטאָריעל וועגען די געטאָ אידען?

— שוין פארטיג.

— גוט! איצט וועט איהר צופאהרען צום ים און פון דעם דארטיגען לעבען שרייבען. דער ים פארמאָגט אלער־ליי פיש, און אז איהר׳ט וועלען, וועט איהר זיי כאפּען. דער „וועג ווייזער״ דארף זיי האָבען. מעג איך א קוק טאָן אויף דעם עדיטאָריעל?

ער מעג, זאג איך. ער קוקט און שאָקעלט צו מיט׳ן קאָפּ.

„טסאָלרייט. גוט! ס'נאָך א ביסעלע צו גוט. כ'מיין, איהר וואָלט נאָך קענען דאָ שרייבען וועגען זייערע בעבעבעס, די ליינס וועש, מיט זייער קריגען זיך מיט די שכנים און וואר־פען פון די ווינדעס יענעם אויפ'ן קאָפּ בעגס מיט שמוץ. און וועגען דעם ווי זיי שרייען „ווייבער, ווייבער צוויי א ניקעלע פרישע, צאַפּעלדיגע, ווייבער!" און וועגען דעם ווי זיי זיצען אויף די בענקלאך ביי די טירען און לעזען דעם „וועג ווייזער", נאָטינג באָט די „וועג ווייזער"!, איהר פארשטעהט? דאָס אלץ און —

— וואָס נאָך?

— נאָך, ווי די ווייב פרעגט דארטען פון גראסערי צי פון מילך סטאר צי פון בוטשער־שאַפּ: „מוישע, בערל, חיים צי שמערעל — וואס האָסטו זיך אזוי אריינגעטאָן אין פּיי־פּער, וואס? און ער ענטפערט: ס'א טייערער פּייפּער. ס'איז נאָך ניטאָ אזא מין פּייפּער אין גאנץ אמעריקא. ס'שוין איינ־מאָל א פּייפּער!" פאראינטערעסירט זיך די ווייב און זי פרעגט: „וואס איז דאָס פאר א פּייפּער?" זאגט ער: „דער וועג ווייזער!" ווילען עס אלע קאָסטימער אָנקוקען. קלייבט זיך ארום א רעדעל און מ'קוקט און מ'רייסט עס ביי דעם אידען פון די הענט. גיט ער ניט און זאָגט אז פאר 3 פּענעס קענט איהר דאָס קריגען אויף אלע סטענדס!"

— אויף אלע סטענדס? ניטאָ דער „וועג ווייזער" אויף אלע סטענדס. כ'האָב ניט געזעהן.

— איז ביים ניוס־באָי! כ'שיק ארוים פלענטי באָיעס מיט פּייפּערס. זאלען זיי דאָס קויפען ביי די אָרימע באָיעס זייערע וואס העלפען זייערע ארימע עלטערען מאכען א לעבען! זיי לויפען ארום מיט די פּייפּערס און מאכען מיט זיי אין דער לופטען און שרייען און, נשקשה זאלען זיי קוי־פען, זיי וועלען קיין חרטה ניט האָבען. די באָיעס דארפען אויך מאכען א לעבען. מ'מעג זיי געבען „א שאו".

— איינעם האָט מען שוין, זאָג איך, איבערגעפאהרען.

— יעס. ס'איז ניט מיין שולד. ער'ט בעדארפט זעהן וואו ער געהט. דער פּייפּער איז טאקע דער „וועג ווייזער" אָבער מ'דארף יוזען די אויגען אויב מ'וויל ניט איבערגעפאה־רען ווערען. ס'איז א מיאוסקייט וואס מ'האָט דעם באָי אי־בערגעפאהרען. די אנדערע באָיעס וועלען שוין מורא האָבען דעם פּייפּער צו נעמען, אָבער זאלען זיי זיך היטען.

מיט דעם איינעם וואס מ'האָט איבערגעפאהרען האָט מר. רעט דערוויל אדווערטייזט דעם „וועג ווייזער", באַדויערט אויף א האַלבען קאָלום דעם טויט פונ'ם יונגען באַי, וועלכער איז געריבט געווארען פון יונגען לעבען אין מיטען דער נאָבעלער ארבייט וואס ער האָט געטאָן נאָך סקול, נעמליך: פארקויפט צו טויזענטער אידען פון בין דעם איינציגען אידישען פּייפּער, דעם אידישען „וועג־ווייזער."

„עהרע זיין אנדענקען!"

נאָך דעם נעקראָלאָג זיינען געקומען אינסטראַקשאָנס פאר די באיעס וואס מ'איז ניט איבערגעפאהרען, ווי אזוי זיי זאָלען זיך אויסהיטען דערפון: זיי זאלען זיך ארומקוקען אויף ביידע זייטען, און ווען זיי זעהען דאָס ס'איז קיין געפאהר ניטאָ, זאלען זיי דאן פארקויפען דעם „אידישען וועג ווייזער". און נאָך א זאך: זיי זאָלען מיט זיך האָבען גענוג קליינגעלד, טשענדזש, עס זאָל זיי ניט נעהמען צו לאנג מיט איין לעזער זיך צו באדערען. און זיי זאָלען נעמען גענוג „וועג ווייזערס", זיי זאָלען נאָך דעם אלע ווייל'ע אין אָפּיס פון „וועג ווייזער" ניט דארפען לויפען.

---

8

ניט אזוי פאר'ן „וועג ווייזער," ווי זיך צוליב האָב איך איינגעוויליגט איינמאָל, אין א זונטאָג, צו די ים־מענשען צו־צופאָהרען.

כדי ווייניגער צייט צו פארלירען אין בלאָנדזשען, האָב איך א בין'ער מיידעל מיטגענומען.

א פיינע מיידעל. א בעל הבית'שע, און צוגלייך אן „אפּ־טו־דייט'יגע". צוויי אין איינס. קען אביסעל די שווארצע פינטעלאך, קריכט דורך א אידישען פּייפּער און איז א ליידענשאפטליכע לעזערין פון „טשיקי". האלט פון ליבע און גלויבט אין שידוכים. האָט ליב ניו יארק און וואוינט אין בין.

מיט גרויס חשק האָט זי זיך אנגעבאָטען מיט מיר צום ים צו פאהרען און שוין פאר איין גאנג מיך מיט א פאמי־ליע דארטען באקענען. א וואוילהאָבענדע פאמיליע מיט אן אייגענע הויז, מיט א פאָנאָגראף, א פיאנא, א טעלעפאָן, א מאשינקע און א ראדיא.

קורץ, מענשען מיט אַלע אימפּרואוומענטס.

זי איז זיכער, האט זי געזאגט, דאס זיי וועלען זיין צו־פרידען זיך מיט א רעדאקטארקע פון א אידישען פייפער צו באקענען. און פאר מיר וועלען זיי אויך זיין א געווינס. איך וועל געוויס געפינען וואס וועגען זיי צו שרייבען. זיי גלייבען א סך צו ריידען.

און נאך א זאך: אזוי ווי זיי האבען א סך פלאץ, וועלען זיי געוויס וועלען דאס איך זאל ביי זיי, און טאקע נאר ביי זיי וואוינען. זיי וועלען מיך אלע טאג מיט'ן מאַ־שין אין רעדאקציע צופיהרען און קומען פון רעדאקציע אפ־נעמען. זיי וועלען זיין גליקליך פאר מיר „עניטינג” צו טאן!

איך האב פון דער מיידעל'ס רייד געפאסט א מיינונג וועגען איהרע באקענטע, אלס וועגען מענשען וואס האבען ליב אידיש. און אויב ניט קיין גאנצע זיינען זיי כאטש האל־בע אדער פערטעל מעצענאטען. עס איז דעריבער גרינג זיך פארצושטעלען מיין ענטוישונג נאך דעם ווי איך האב זיך מיט זיי באקענט און אביסעל זייערע רייד געהערט.

די מיסעס, א שווערע, באפוידערטע און באפארבטע, האט גלייך געלאזט וויסען, דאס זי האט פאר די דזשואיש פייפערס קיין יוז ניט. אפילו פאר קיין דזשואיש בוקס אויך ניט. ביקאָס, וואס זי גלייבט איז דאס רוסישע ביכער און העינגלישע. זי גלייבט סאַינגס ביכער און עמיל זאלא. זי איז מעד אויפ'ן מאן וואס ער באדערט זיך מיט אידישע פיי־פערס, אזוי ווי א גרינער.

דער מיסטער האט צוגעגעבען, דאס ער אויך קערט ניט פאר די אידישע פייפערס, באט, ער גלייבט זיי אמאל א קוק צו טאן, ס'דערמאנט איהם אן די קינדער יאהרען, ווען ער איז געגאנגען אין חדר. דאטסאל! וואס געהערט זיך אן די קינדער, די באים זייערע מיט די מיידלאך, איז אלרייט אז זיי וועלען דאס ניט קענען. ער וויל מיט זיי דעריבער ניט „אגריווייטען” (ער האט געזאגט אגריווייטען צו יעדען מאל ווען ער האט בעדארפט זאגען ארגומענטירען). ס'איז זייער אמעריקע און זיי קענען טאן ווי זיי ווילען. ער אליין קען זיין אינטערעסאנט (פאראינטערעסירט) אין איין זאך און זיי אין אנאנדער זאך. יעדער דארף זיך מאינדען זיינע ביז־נעס: דאנטשיו?

די ערשיינונג פון א בין'ער טעגליכע צייטונג האָבען זיי מיט דער האנט אוועקגעמאכט:

— ווער דארף עס דאָ האָבען א פּייפּער? די נייעס וואס אזא פּייפּער קען וועגען בין שרייבען, קען מען דאָך אין די ענגלישע פּייפּערס מיט א טאָג־צוויי אפריהער איבערלייענען, און קיין ליטעראטור קיין בעסערע ווי האנדערע פּייפּערס קען עס אויך ניט געבען. ס'איז מער ניט וויכטיג פאר די עטליכע וואס האָבען דארטען „דזשאבס". וועלען זיי דאָס אויך ניט לאנג האָבען, ביזקאָס דער פּייפּער וועט באלד הינטערגעהן. ער'ט זיך ניט האָבען אויף וועמען צו האלטען.

זיינען מיינע אקציעס אלס די וואס פון א רעדאקטאָרקע, ווי עס האָט אויסגעזעהן, געוועזען ביי די לייטע ניט אזוי געהויבען... מיין באגלייטערין האָט עס שטארק פארדראסען. זי האָט זיך דעריבער ניט לאנג געלאָזט בעטען צום ים צו געהן.

— ווי געפעלען זיי אייך? — האָט זי מיך, אוועקגעהענדיג פון זיי, געפרעגט. — זיי האָבען מיילער און זיי ריידען, הא?

— זיינען דאָ א סך פאראן אזעלכע? — האָב איך מיט א פראגע געענטפערט.

— ווי מיינט איהר: אזעלכע?

— אזעלכע, אנהענגער פון אידיש.

— אָה, דאָס מיינט איהר! וועל, יעס, זיי קערען דאָ ניט פאר דעם.

— פאר וואס קערען זיי?

— פאר א גוד טיים. פאר זאכען פון וועלכע מ'קען זיך אינדזשאָיען. וואלט איהר גלייכען ביי זיי צו וואוינען?

— איך גלויב אז ניט. ס'וואָלט אויסקומען מיט זיי צו אפּט צו „אגריווייטען". איבריגענס האָבען זיי געזאגט דאָס זיי וואלטען נאָך מעהר רומס פאר זיך קענען יוזען, און דאָס זיי גלייכען ניט מיט'ן מאשין צו פאהרען, ביזקאָס ס'מאַכען זיך שטענדיג אזעלכע וואס ווילען מ'זאָל זיי אונטערפיהרען און אָפּפיהרען און אַלץ.

— חזירים, סוויניעס, אָלרייטניקעס! און איך האָב געמיינט דאָס זיי זיינען אינטעליגענטע מענשען, באַלעזענע און אַלץ מיין מיסטייק.

— זיי זיינען פשוטע, צופרידענע בירגער, וועלכע לע־

בען אין זייער פאַרגעניגען און ערציהען הונדערט פּראָצענ־טיגע אמעריקאַנער. אויף אַזעלכע האַלט זיך אמעריקאַ. זיי זיינען „אָל רייט!"

איז שוין די מיידעל געוועזן צופרידען. ווי באַלד אז זיי זיינען מיר כאָטש אויף אַזוי פיל געפעלן, האָט זי שוין מיט זיי, איהרע באַקאַנטע, ניט געהאַט וואָס אַזוי אראָפּצופּאַלען. און זי איז מיט מעהר „ספּיריט" מיר געגאַנגען דעם ים מיט זייער „קוני איילענד" מיר באַווייזען.

א ים ווי אַנדערע ים'ען. דעמאָקראַטיש, רוישט און שוימט פאַר אַלעמען גלייך. נאָר די וואָס לאָזען זיך פון זיינע כוואַליעס וויגען זיינען צוטיילט אין קלאַסען, אין גרופּען און אין מאַסען.

אָט זיינען זיי, די גוט באַקאַנטע דיקע ים־פּרויען אין זייערע ביידינג סוטס און מיט אָנגעפּוידערטע נעזער, מיט קינדער, מיט פּעקלאַך און מיט גאַנצע מאָלצייטען אויפ'ן ביטש. אָט עסען זיי די פעטע זאַכען, זיי מיט זייערע מענער — אויף ביידע באַקען, בייסען פון גאַנצען, רייסען־אויף אַראַנדזשעס מיט די פינגער, שפּריצען אריין דעם זאַפט אין די אויגען פון די דערבייאיקע, וואַרפען אַרום זיך איבערבלייבאַכצען פון די מאַכלים, די סקעלעטען פון פיש און הערינג און ביינער פון טשיקענס — ליידיגע פלאַשען, פּאַפּיר, און וואָס ניט?

אַרום דעם אַלעם קלייבען זיך מאָסקיטאָס, פליגען און ס'קאָפּאַשקען זיך די קינדערלאַך, שמירען זיך אויס, צושטעכען זיך, טומלען און וויינען.

דאָס איז די פאַרהייראַטע, די באַקינדערטע שטיק מענשהייט. העכער אַרויף, איבער'ן ברעג פון ים, איז די פּריוועט, די שפּאַצירענדע, די גוד־טאַים־זוכענדע מאַסע.

א ניט רעגולירטע צאָהל פון מענער און פרויען. א דיס־אָרגאַניזאַציע. זיי שטויסען זיך, שטופּען זיך קוקען זיך אָן ווי זיי וואָלטען איינע די אַנדערע אין וועג געווען. מיידלאַך מיט מיידלאַך, באַיעס מיט באַיעס (אָדער בויאַנעס) און צווישען די אַלע א סך איינצעלנע, איינזאַמע וואָס קענען צו זיך קיין גלייכען ניט געפינען, קענען זיך ניט צונויפשמעלצען מיט דער מאַסע. אָט ווערען זיי פון דער מאַסע פאַרשלונגען און אָט ווערען זיי פון איהר אַרויסגעשטויסען. א מין שפּיל אין זשמורקעס געהט ביי זיי אַן א מין ברוגז־טאַנץ, א צוריסענע

פאַרבינדונג צווישען מענשען־קינדער, וועלכע דער ים האָט ביי זיינע ברעגען....

— ווי געפעלען אייך דאָ די מענשען ? — האָט מיין באַגלייטערין געפרעגט.

— די מענשען, וואס דער ים האָט זיי ארויסגעוואָרפען ?

— יעס, די.

— מענשען ! עס דוכט זיך, דאָס זיי לויפען אליין, ניט וויסענדיג נאָך וואס, ווי זיי וואלטען וועלען פון זיך אליין אנטלויפען.

זי האָט צוגעגעבען, דאָס זי אויך פיהלט ווי פון זיך אליין צו לויפען. זעהר אפט אזוי, ס׳ווערט נמאס דאָס לעבען. מען ווערט „דיסאַפּאָינטעד" — מ׳איז דאָך ניט מעהר ווי א מענש, ווילט זיך עפּעס מעהר ווי דאָס אל־טעגליכע. עס ווילט זיך לעבען, און ווי אזוי לעבט מען ווי עס ווילט זיך, אז ס׳איז דאָ אזוי פיל „מ׳טאָר נישטס". אז מ׳ווייסט ניט ווער עס איז דער ריכטיגער מענש, מיט וועלכען מ׳זאָל קענען זיין גליקליך. אז יעדער איינער זוכט אלץ פאַר זיך. אז בלויז דאָס אויסערליכע ציהט צו און דאָס אינערליכע, דאָס נשמה׳דיגע, בלייבט ניט באמערקט און ניט אָפּגעשעצט. עס זיינען פאראן אזעלכע פּראסטע, פּוסטע גארנישטדיגע מיידלאך, וועלכע קריגען אלץ וואס זיי ווילען, און פיינע, וואוילע, אינטעליגענטע בלייבען ביי גאר נישט. וואו איז דער שכל דערפון, די חכמה ?

— אז די נארישקייט גילט דארף מען קיין חכמת ניט...

— אמת, — האָט זי צוגעשטימט. — מזל דארף מען האָבען, דאטס אָל.

ווען מיר זיינען צוריק געקומען אין שטאָט אריין איז שוין געווען זעהר שפּעט און מיר זיינען געווען שרעקליך מיד. זי איז פילאָזאָפירענדיג וועגען לעבען אהיים אוועק און איך האָב קומענדיג צו זיך ערשט אוועקגעזעצט זיך אן עדיטאָריעל מיט אַ פּאָר בילדלאך און אַן אַרטיקעל אָנצושרייבען.

כ׳האָב זיך אַרויסגעשלאָגען פון שלאָף און זיך דערריבער צו ווייטערדיגע פאַרטזעצונגען פון ראָמאַן גענומען. הייס ווי עס איז געווען, איז דאָך באקוועמער געווען אויסצונוצען די נאכט פאר׳ן שרייבען. די זון האָט ניט געברענט, און קיינער האָט מיך ניט געזעהן אין דעם נאכט־טואַלעט וואס

איך האָב ביי זיך אין צימער פאַר'ן דונקעלען שיין פון עלעקטרישען לעמפעל אונטער'ן גרינעם אבאזשור געטראַגען.

עס איז ביי מיר געבליבען די גאַנצע נאַכט ניט צו שלאָפען. אז איך וועל מיד ווערען פון ראָמאַן, זאל איך בריף צו מיינע פריינד אין ניו יארק אָנשרייבען. וועל איך מאָרגען שפּעטער שלאָפען און שפּעטער אין רעדאקציע קומען, דאָרטען די „דראָבעזקעס" פון דער פּרעסע אָנשרייבען.

---

9

ארויפקומענדיג אויף מאָרגען אין רעדאקציע האָב איך צוויי נייעסען געפונען: א נייע „האַנט" פון ניו יארק, און א זייגער, אויף וועלכען אַלע „הענט" האָבען דאָס בעדאַרפט אָפּקלאַפּען די צייט פון די שטונדען, ווען זיי זיינען אוועק אדער געקומען. אזוי ווי אין א שאַפּ אדער אין א פעקטאָרי.

צום זייגער בין איך אפילו נאָהענט ניט צוגעגאַנגען. די נייע „האַנט" אָבער פון ניו יארק, האָב איך פריינדליך געדריקט.

— ווילקאָמען!

— זאָגט מיר, כ'בעט אייך — האָט ער געזאָגט (די „האַנט" איז געווען אַן ער) — וואס איז דאָס פאַר א צייטונג און ווי איז דאָ צו ארבייטען, גוט אדער שלעכט?

— . . . גוט!

—יעס? — האָט ער זיך געוואונדערט — מיט וואס אזוי גוט?

— דערמיט וואס . . . ס'איז ניט אזוי שלעכט . . .

— ס'קען זיין ערגער?

— . . . נאו!

— נאו? — האָט ער זיך צולאַכט, און אויף זיין בלאַסען פּאַטעטישען פּנים האָבען זיך צוליינט זאָרג־קנייטששען. — ווי צאָהלט מען דאָ? און ווי לאַנג וועט די צייטונג ארויסגעהן?

— דאָס קען מען ניט וויסען. איהר וועט דאָך דאָ ארבייטען, וועט איהר זעהן — עס וועט זיך ווענדען אָן אייך, קען זיין, די צייטונג לענגער ביים לעבען צו דערהאַלטען...

— איהר שפּאַסט! וואס קען איך פאַר איהר טאָן?

— מר. רעט וועט אייך דאָס זאָגן... און מר. קאָם.

— זיי זיינען ביידע מאָדנע מענשען. ריידען און רייד־דען און — כ'ווייס נאָך אַלץ ניט וואו כ'האַלט מיט זיי. זיי ווילען דורכאויס כ'זאָל שרייבען וועגען אַלץ וואס אין דער שטאָדט קומט פאָר. וואס ווייס איך פון בין אז כ'בין איצ־טער ערשט אהער געקומען? כ'ווייס אפילו ניט ווי צו זיך אהיים צו קומען כ'האָב מיך גענוג ארומגעדרעהט ביז כ'בין אהער אין רעדאקציע געקומען. מר. רעט וויל כ'זאָל איהם בילדער פון די סטריטען צושטעלען. באשרייבען אלעמען און אלעס. געהן אין אזעלכע היצען איבער די סטריטען — פאָלג מיך א גאנג!

— ער וועט אייך געוויס אליין ניט שיקען.

— יעס, ער וועט די ערשטע צייט הייסען דעם פאָטאָ־גראפער מיט מיר געהן אדער א קארטוניסט. ער'ט זיי מיט אייך געוואָלט שיקען, נאָר איהר, זאגט ער, האָט גאָר ניט געוואָלט געהן. פאר וואָס?

— ווייל כ'האָב גענוג אָהן דעם וואס צו טאָן.

— זאָל איך זיך, הייסט עס, נעמען צו דער ארבייט?

— יא, און זאָל עס זיין מיט גליק!

— א דאנק!

— ניטאָ פאר וואס...

מר. רעט האָט מיך ברוגז'דיג אָנגעקוקט, ווי כ'האָב מיט'ן נייעם מיטארבייטער גערעדט און איז אין א זייט אָפּגעגאנגען. דער נייער האָט איהם ווי פארוואונדערט נאָכגעקוקט.

— א מאָדנער מענשעל!

— שוין ניט קיין מענש, נאָר א מענשעל...

— יעס, א מענשעל, אָבער כ'גליייך איהם. ער אמוזירט מיך מיט זיין ארט ריידען. איהר האָט דאָך געהערט ווי ער רעדט, נאו?

— יא, געהאט דאָס פארגעניגען.

— אזוי גיך, גיך און הויך, און טומעלדיג! כ'גלייך איהם! און דער רעדאקטאָר, מר. קאָם, געפעלט מיר אויך. ער איז דוקא א שווייגעדיגער אָבער, ווייזט אויס, א וואוילער. נו, לאָדנאָ! כ'וועל זעהן צו מאכען א היט. אין ניו יארק איז סיי ווי ניטאָ וואס צו טאָן. אלע דזשאבס זיינען פאר־נומען. קיינער פון די „הענט" דאָרטען וויל גאר ניט שטאר־בען. מילא, וועלען מיר אין א פּראָווינץ צייטונג ווייזען וואס

מיר קענען. א פרייע האנט וועל איך דאָ האָבען? און דאָרט איז וואס איך וויל. איך וויל פּראַקטיקע. איבונג. עקס־פּיריענס!

דער נייער (מר. באָרג) איז פון מיר אוועק און מר. רעט איז צו מיר צוגעקומען:

— איהר ווייסט, — האָט ער צוזשמורענדיג די אייגעלאָך געפרעגט — ווי שפּעט דאָס איז? אלבעטשי איהר ווייסט ניט!

— איך ווייס.

— און איהר זייט ערשט געקומען! מיינד יו, ערשט!

— האָב איך וואס פארשפּעטיגט?

— כ'האָב איבער אייך, איבער אייער ניט נאָכגעבען מיין פארלאַנג, א נייע „האנט" צוגענומען. איהר רעפּיוזד סטריט־בילדלאך צו געבען, וועט דער איצט נאָך דעם געהן! און איך האָב געוואָלט דאָס איהר זאָלט די בילדלאך מאכען. אָבער איהר קערט ניט פאר דאָס וואס איך וויל. איך האָב געזאָגט איהר זאָלט פריה, גלייך מיט אלעמען אין אָפּיס קו־מען און איהר, איהר קומט ווען אלע דארפען שוין באלד אוועקגעהן! פאר וואָס זייט איהר ערשט איצט, נאָך 4 דעם זייגער געקומען?

— דערפאר וואס איך בין נעכטען, זונטאג, פאר'ן „וועג־ווייזער" צום ים געפאהרען, בין א גאַנצע נאכט געזעסען און געשריבען און געוואוסט דאָס כ'וועל דאָ גארנישט פארשפּע־טיגען און אז סיי ווי איז דאָ פאר מיר קיין פּלאַץ ניטאָ, ניט נאָר אין אַן אָפּיס נאָר אפילו ביי קיין דעסק אויך ניט.

— תירוצים! ווען איהר וואָלט קערען פאר'ן פּייפּער וואָלט איהר דאָס אלץ ניט זאָגען. אזוי דענק איך.

— מילא, דענקט ווי איהר ווילט. איך בין פאר אייער אָרט דענקען ניט פאראַנטוואָרטליך.

— אזוי?... האָט איהר וואס אָנגעשריבען וועגען בין'ער ים־מענשען?

— יאָ, אָט איז דאָס, עטליכע זאכען, און — ראָמאַן.

— ווי לאַנג וועט דער ראָמאַן געהן?

— דאָס העגנט אָפּ פון דעם, וויפיל קאָלומנס איהר וועט יעדען טאָג געבען. אויב אזויפיל ווי איהר גיט, וועט ער זיך באלד ענדיגען. אז ניט — וועט ער זיך לענגער ציהען.

— איך וויל מיט אייך וועגן ראָמאַן ריידען שפּעטער. איצט גיט מיר וויפיל זאכען איהר האָט אָנגעשריבען.

כ'האָב זיי איהם געגעבען און ער איז מיט זיי צו מר. קאָם אין אָפּיס אריין. איך האָב מיך דערווייל אנטקעגען איינציגען עלעקטריק פען געזעצט זיך אביסעל אָפּצוקיהלען און די טעגליכע פּרעסע איבערקוקען. די ניט געשלאָפענע נאַכט האָט זיך מיט מיר גענומען רעכענען. די אויגען האָבען זיך פון היץ און מידקייט געוואלט צומאכען. דער קאָפּ האָט וועה געטאָן.

די אָפּיס מיידלאך האָבען מיך פאַרוואָרפען מיט פראגען: וואו בין איך זונטאָג געוועזן און מיט וועמען? און צי האָב איך געהאַט א גוד טאַים? און ווי שפּעט בין איך אהיימגע־קומען? און צי האָט מען מיך מיט א מאַשין אויסגענומען און וואס האָט מען מיר וועגען „וועג ווייזער" געזאָגט? וועגען מיין שרייבען. זיי האָבען געזעהן פריינד וועמעס „אָלד פאָלקס" לעזען דעם אידישען פּייפּער האָבען זיי געוואלט ווי־סען אלץ וועגען די ליידי עדיטאר פונ'ם פרויען פּיידזש. עס געפעלט זיי דער שרייבען, ס'איז בעסער ווי אלעמענס, אין פעקט, זי איז די איינציגע וועמען מ'קען דאָרטען לעזען. און מר. רעט איז בייז וואס מ'רעדט נאָר וועגען פרויען פּיידזש. ער איז „דזשעלעס". ער איז אויך בייז וואס איך קום ניט אין אָפּיס גלייך מיט אלעמען. אלע ווייל פרעגט ער, „זי איז נאָך ניט געקומען?" ער האָט אריינגעשטעלט א זייגער אויף אָפּצופּאָנטשען די צייט. בעסער וואָלט ער פּאר די פּאָר הונדערט דאָלער וואס דאָס קאָסט, איינגעפיקסט א — טוילעט. וואס מיינט ער, איז מען, עניהאו, ניט קיין מענ־שען? ווהאַי, ווען די באָארד אָוו העלטה וואָלט עס וויסען!

מר. רעט איז צו דער צייט פון קאָם'ס אָפּיס ארויס און אין זיין אָפּיס אריין. ער האָט געזעהן דאָס איך זעה איהם, און מיט א וואונק, אדער א מאך מיט'ן האנט געקענט מיך איינלאדען צו איהם אריינצוקומען. האָט ער אָבער געוואלט מאכען אַן אָנשטעל פון גרויסקייט און אין טעלעפאָן צו דער מיידעל אָנגערינגען זי זאָל מיך צו איהם אין אָפּיס אריינ־שיקען.

מיר האָבען זיך איבער דעם איבערגעקוקט, געלאכט און איך בין, אויך מאַכענדיג אַן אָנשטעל פון גרויסקייט, מיט

געמאָסטענע טריט, ווי צו א פּאַראַד, צו איהם אין אָפּיס גע־שפּאַנט און — אריינגעגאנגען.

— זיצט, — האָט ער מיר אויף א שטול געגענאיבער אָנגעוויזען, — פּליז!

— א דאַנק.

איך האָב זיך געזעצט.

— איך וויל מיט אייך ריידען —

— ביטע!

— איך האָב מיט׳ן רעדאַקטאָר איבערגעלעזען וואס איהר האָט פון נעכטיגען טאָג אָנגעשריבען. ס׳איז אָלרייט. באָט, עס וואָלט געקענט זיין נאָך בעסער. אביסעלע ווייניגער לי־טעראַטור און אביסעלע מעהר „פּעפּ״ וואָלט גאָר ניט שאַדען. איהר זייט דאָך דאַרטען געוועזן נאָך דעם ווי ס׳איז שוין גע־ווען פינסטער. נו, האָט איהר גאָר ניט געזעהן, ווי באַיעס מיט מיידלאַך האָבען זיך אין ביידינג סוטס אַרומגענומען און — געמאַכט ליבע און אַלץ? פאַר וואָס האָט איהר וועגען דעם ניט געשריבען? דאָס איז וואָס דער עולם האָט ליב צו לעזען. עס קיצעלט. עס פאַרכאַפּט, עס ציהט אָן. וואָס זאָגט איהר וועגען דעם?

— . . . מ׳קען דאָך וועגען אַלץ אויף איינמאָל ניט שרייבען.

— נו, אָלרייט, וועט איהר וועגען דעם א צווייטען מאָל שרייבען. איצט — וועגען דער הויז־געזינד וואָס קערט ניט פאַר קיין אידישע פּייפּערס. זאָל זיין אז זי קערט ניט פאַר אַנדערע אידישע פּייפּערס, אָבער פאַר׳ן „וועג ווייזער״? פאַר דעם פּייפּער מ ו ז ע ן זיי קערען. איהר פאַרשטעהט? זיי מוזען!

— סיידען איהר וועט עס זיי צווינגען מיט א פּאָליס־מאַן...

— נעווער־מיין מיט א פּאָליסמאַן! זיי דאַרפען אַליין פון זיך אַליין פאַר דעם קערען.

— ווי אבער אז זיי קערען ניט?

— דאַרף מען מאַכען אזוי, אז זיי זאָלען יע קערען!

— ווי אזוי מאַכט מען דאָס?

— מ׳רעדט, מ׳באַווייזט זיי שוואַרץ אויף ווייס, אז דער „וועג ווייזער״ איז א שטיק נויטווענדיגקייט אין הויז פון יעדען אידען. מ׳רעדט אזוי ביז זיי שטימען צו אז ס׳איז

אזוי און שלאָגען זיך אָן צו ווערען סובסקרייבער. אָט ווי מ׳טוט!

— וואס ווילט איהר זאָל איך שרייבען, ארטיקלען אדער אדווערטייזמענטס?

— וועל — אדווערטייזמענטס, אז איהר ווילט! אויף דעם האלט זיך א פּייפּער. יעס, מעם! וואס מער אדווער־טייזען זיך, וואס מעהר פּובליסיטי. דאָס איז וואס א פּייפּער דארף האָבען. געט מי?

— ווי אבער, אז איך האָב ניט קיין טאלאנט אויף צו שרייבען אדווערטייזמענטס?

— טויג דאָס טאקע ניט! ווען איהר זאָלט אָבער וועלען, וואלט איהר דאָס געקענט שרייבען און עס וואָלט טוי־גען. אז איהר ווילט — קענט איהר. מר. קאָס זאָגט אויך אזוי. איהר קענט אַלץ, נאָר איהר ווילט ניט! כ׳האָב מורא אז איהר באשטעהט ניט. עס מוז אייך גאָר ציהען אין ניו יארק. — איהר ווילט זיך דאָ ניט איינלעבען. יע, א פּאָר ווערטער וועגען ראָמאן.

— וואס איז וועגען ראָמאן? — האָב איך געפרעגט און בין טאקע נייגעריג געווען צו הערען וואס ער וועט זאגען. כ׳האָב מיר געזאָגט, דאָס איך וועל מיר זיינע זאָגעכצען וועגען ראָמאן הייסען געדענקען, און ווען עס איז וועגען זיי שרייבען. זאָלען זיך נאָך אנדערע אויסער מיר מיט זיינע מיינונגען אמוזירען...

— כ׳האָב אין איהם געזוכט דעם ממזר און — ניט געפוּ־נען, וואו איז ער? האָט זי איהם ערגעץ אונטערגעווארפען? דערשטיקט? דערווארגען?

— ניין, זי האָט איהם נאָך ניט געהאט.

— נאָך ניט געהאט? ווי לאנג דארף דאָס איהר נע־מען איהם צו האָבען? ווהאט די העל —

— איך ווייס? אזוי לאנג ווי ס׳וועט ניט קומען די צייט פאר דעם... לויט דעם געזעץ פון דער נאטור קען מען קיין ממזר גיכער פון א געזעצליך קינד ניט האָבען...

— נאטור נאטהינג! דער ממזר האָט שוין לאנג בע־דארפט אָפּגעהאט ווערען! און — יע, איהר׳ט דעם פּארפּיה־רער ניט געמאכט פאר קיין מאנופעקטשורער, ווי איך האָב אייך געזאָגט. געמאכט איהם דוקא פאר א פּאָעט! נו, פרעג איך אייך, מיט וואס וועט זיך דאָס ענדיגען? וואס וועט זי

פון איהם פאַר איהר ליבע, פאַר'ן ממזר מיט אַלץ, קריגען? אוואו איז די „סאַריספּעקשאָן", אוואו? ווי אזוי וועט עס קומען אין קאָורט? וואו וועט זי נעהמען א לאָיער, אז עס איז ביי איהם ניטאָ וואָס צו נעמען? איך פרעג אייך?!

— כ'האָב גאָר וועגען דעם ניט געטראַכט.

— אָט דאָס איז דאָך די צרה וואס איהר'ט וועגען דעם און וועגען נאָך אזעלכע וויכטיגע זאכען ניט געטראַכט און מיין אדוויז האָט איהר אויך ניט גענומען!

— וואָס איז אייער אדוויז? כ'קען איהם נאָך פּי־לייכט איצט נעמען...

— איצט? איצט איז שוין צו שפּעט!

— ס'טוט מיר לייד...

— סיידען ער, דער אומגליקליכער פּאָעט אייערער זאָל ירש'ענען א גרויסע ירושה? האַ?

— פון וועמען?

— פון וועמען? ניט פון מיר! פון עפּעס א רייכען אָנ־קעל אין אמעריקע, אדער, ווארט! פון דער אלמנה וואס שלעפּט זיך דארטען נאָך איהם נאָך. זאָל זי פּלוצלונג שטאַר־בען. איהר הערט, פּלוצלינג, גיט איהר ניט קיין פארשלעפּ־טע קרענק, און זאָל זי איהם אַלץ, וואָס זי האָט, איבערלאָ־זען.

— אָבער, זי האָט דאָך גאר נישט!

— זאָל זי האָבען!

— וואו זאָל זי נעמען?

— זאָל זי גנב'ענען! זאָל זי אימיצען הרג'ענען! זאָל זי ווערען א בוטלעגער, צי וואָס! זאָל זי אימיצען ירש'ענען און איהם די ירושה איבערלאזען!

— פאַר וואָס קומט עס איהם?

— פאַר וואס? זי איז דאָך אין איהם פארליבט, נאו?

— יעס, אָבער, זי וויל ער זאָל מיט איהר חתונה האָבען און ער וויל ניט... ער האָט גאר ליב די ווייב פון א מאן —

— איז זאָל זי איהם אָפּגיסען מיט אָלים, זאָל זי איהם שיסען!

— וועט דאָס איהם מאַכען פאַר א מאַנופעקטשורער?...

די פראגע האָט איהם צוטומעלט. ער האָט זיך ניט געפאָר־נען וואָס צו ענטפערען און איך האָב איהם ארויסגעהאָלפען:

— אפשר זאָל איך מאַכען אזוי, אז דער פּאָעט זאָל קריגען

אַ פּרייז פאַר זיינע שאַפונגען. איינער אַ מעצענאַט, טאַקע דער וואָס אין ראָמאַן זאָל אַרויסגעבען אַלע זיינע שריפטען ? — —

— וואָס פאַר אַ פּרייז ? ! וואָס פאַר אַ מעצענאַט ? ! וואָס רעדט איהר ? ! ווער גיט דאָס אַ פּרייז פאַר שרייבען אידיש ? און אַז יע איז וויפיל קען דאָס ווערט זיין און וואו וועט ער נעמען דער מעצענאַט אַזוי פיל געלט זיינע זאַכען אַרויסצוגעבען און ווער וועט עס לעזען ? אַט, ס'איז גלאַט גערעדט אין דער וועלט אַריין !

— איז אפשר זאָל זי אונטערוואַרפען דעם ממזר ?

— וואו ? ווען ? !

—אפשר זאָל זי דאָס אונטערוואַרפען אין רעדאַקציע וואו ער שרייבט. כ'זאָל פאַרשטעלען אַזאַ מין רעדאַקציע ווי דער „וו. וו.”... ווי געפעלט אייך דער פּלאַן ?...

דער פּלאַן איז איהם, ווי ס'האָט אויסגעוויזען געפעלען געוואָרען : מען מוז אָבער, האָט ער געזאָגט, אַזאַ פּלאַן אויף אַ קינסטלערישען אופן באַארבייטען, ס'זאָל די ציטונג ניט אַריינ־ברענגען אין טראָבעל. יע, מ'קען עס אַזוי : די ווייבעל מיט'ן ממזר קומען מיט אַ קלאָג אין „וועג ווייזער” איך מיין... אינ'ם פּייפּער וואו דער פּאָעט דער פאַרפיהרער ארבייט און דער „באָס” פון דער ציטונג ווערט זעהר בייז און הייסט גלייך שטעלען אַ חופּה אַז ניט וועט ער איהם סעק'ען, ס'וועט זיין אוים דזשאָב. דערשרעקט ער זיך און האָט מיט איהר חתונה און — —

ער האָט זיך דערמאָנט דאָס ער דאַרף אימיצען אָפּרופען און וועגען ראָמאַן אָפּגעלייגט אויף שפּעטער צו ריידען.

---

## 10

מר. באָרג, די נייע „האַנט” קען זיך קוים האַלטען אויף די פיס. דאָס אַרומלויפען אין די היצען איבער די בינ'ער סטריטען מאַכט איהם אוים מענש. פונדעסטוועגען זעהט ער אוים צו זיין צופרידען וואָס ער, אַ קאַפּע־זיצער, אַ פאָעמען שרייבער, קען זיך צופּאַסען צו אַזאַ ציטונג ווי דער „וו. וו.” און נאָכקומען די פאָדערונגען פון אַ „באָס”.

זיינע בילדלאך זיינען דעקאָרירט מיט צייכנונגען. איין צייכנונג ווייזט אַ קופּקע אידעלאַך מיט קרוטשקעוואַטע נעזער און ציגענע בערדלאַך, אַט פון דעם טיפּ וואָס פּלאָדיען דאָס רוב

אנטיסעמיטלאך. זיצט די קופּקע אויף א באנק אין א פּארקעל און קוקט אין איין „וועג ווייזער".

פון זייער קוקען זעהט אוים דאָס זיי זיינען שטארק פאר־וואונדערט און באגייסטערט, אויף דעם וואָס זיי קוקען.

א צווייטע בילד'ל ווייזט א קופּקע ניום־באָיעם ווי זיי ווייזען דעם „וו. וו." ווי זיי וואַלטען זיך מיט איהם שטארק איבערגע־נומען, באָרוועסע באָיעס, אזעלכע אָרימע אבאדראַנצעם אָבער זיי זעהען אוים צו זיין גליקליך. „וואהאי ?" „בעקאָס", — זיי פאר־קויפען דעם „וועג ווייזער !"

„א גליק האָט זיי געטראָפען" זאָגט אן אונטערשריפט צום קארטון אין „וועג ווייזער". „זיי האָבען דערלעבט אן איי־גענעם פייפער צו האָבען !"

און יאקאָבי צוליב די האַלאָדריגעס, די ליבע וויסע־חברה'ניקעם דרוקט מען דאָס אין „וועג ווייזער" זאכען אין ענגליש אויך. זאלען זיי וויסען ווי דעם פייפער זייערען אָפּצושאצען !

נאָך א קופּקע (אלע קומען אין גאנצע קופּקעס) באַ־שטעהט פון קרעמער, „ביזנעס מען" פון דער געטאָ. זיי קוקען אריין מיט אנערקענונג פאר די רעזולטאטען וואס עס קומען דורך די אדווערטייזמענטס וואס מען גיט אין „וועג ווייזער".

מר. רעט איז צופרידען מיט זיך פאר די אָרדערס וואס ער גיט באָרג'ן ווי צו שרייבען די בילדלאך. ס'איז ניט גלאַט בילדלאך. ס'איז מעהר דערפון. יעדער בילדעל האָט אן אד־ווערטייזמענט פאר'ן „וועג ווייזער" איינגעוויקעלט. א שטאָדט מיט מענשען שטופען זיך אין גאנצע קופּקעס צום „וועג ווייזער". מעהר קיין זאך ווילען זיי ניט ווי נאָר דעם „וועג ווייזער."

אָבער נאָך אלעמען האלטען א „האַנט" און צאָהלען וועכ־בענטליכע ווײדזשעס פאר טעגליכע בילדלאך איז פאר רעט'ן אביסעל צופיל. און ער האָט באשלאָסען איינצוברעכען דעם בחור צו קומען יעדען פריהמאָרגען העלפען נייעס שרייבען. פון סאן'ען איז שוין באלד גארנישט געווארען, איז זאָל איהם דער אונטערהעלפען. נישקשה, ער מעג.

באָרג איז געוואוינט שפּעט צו שלאָפען. אָבער ער וויל דאָך האָבען ערפאהרונג אין „ארבייט אויפ'ן סטעף", שטרענגט ער זיך אָן פריה אויפצושטעהן. ווייזען, הייסט דאָס, זיך וואס ער קען. א טאלאנט פאר סטריט בילדלאך, פאר אויסערליכעס,

האָט ער אין זיך ענטדעקט, ווײל ער איצט אין זיך א טאַלאַנט פאַר אינווייניגסטע ארבייט ענטדעקען.

ער האָפּט דאָס ער וועט זיך מיט דער צייט צו א הויכען אמט דערדינען. דערווייל זאגט ער ניט אוים וויפיל ער נעמט. מוז זיך שעמען וואס אזוי ווייניג. ער איז שוין אפילו איין טאָג געזעסען אויפ'ן רעדאקטאָר'ס שטול ווען יענער האָט זיך א וואקיישאָן, איבער זיין מאָגען, גענומען. מר. שטיין איז זעהר אייפערזיכטיג געווען. ער איז מעהר בארעכטיגט געווען דעם רעדאקטאָר'ס „סאָבסטיטוט" צו זיין. נאָר אזוי איז רעט'ן געפעלען געווארען און ער איז דאָך דער באָס. קען ער אלץ אויספיהרען.

זיין באָסעווען, דעם „באָס'ס" האָט די רעדאקציע מיט טומעל אָנגעפילט. ער האָט זיך אומעטום אלע רגע געלאָזט זעהן און הערען. אויסגענוצט יעדע געלעגענהייט מיט מיר וועגען מיין קומען שפּעט אין רעדאקציע צו ריידען.

— ווידער שפּעט געקומען. נו, וואס זאָל איך אייך וועגען דעם זאגען? איך פרעג אייך, וואס?

— גאר נישט.

— ווילט איהר דורכאוים שרייבען ביי זיך?

— געוויס, אז ס'איז דאָ ניטאָ וואו.

— פאַר אַלעמען איז דאָ פּלאַץ נאָר פאַר אייך ניט!

— דאָס איז דאָך וואָס איך זאָג.

— אָט דאָס איז ביי אייך בלויז אן אויסרייד! אז איהר קענט דאָ ארבייטען ביי דעם אָדער יענעם דעסק א 4-3 שעה נאָכמיטאָג, קענט איהר ארבייטען פון אינדערפריה ביז מיטאָג!

— די ארבייט וואָס איך טו איז די לייכטערע, נאָטיצען איבער טעגליכע פּאַסירונגען, מאָדע נאָטיצען, באמערקונגען, אָנעקדאָטען און וויצען, איך קען דאָס טאָן אין צייט וואָס א'ך קוק איבער די פּרעסע. און אין דעם שטערט מען מיר טאקע אויך. ווער עס קומט אריין אין רעדאקציע ווענדעט זיך צו מיר פאַר אינפאָרמאציע, ס'קומען אריין ליידיג־געהער און שטעלען זיך נעבען „מיין" דעסק אוועק ריידען. זיי זעצען זיך אויף דעם.

— טרייבט זיי אוועק! סענד דעם טו הע — — —

— איך וועל אוועקטרייבען די, וועלען קומען אַנדערע.

— טרייבט אוועק די אַנדערע אויך!

— איך קען ניט טרייבען. אז איהר ווילט מ'זאָל מיר ניט שטערען, דאַרפט איהר מיר מאכען א באַזונדערען אָפיס. און אז

איהר מאכט עס ניט, דאַרפט איהר מיר ניט אויסריידען פאַר טאָן מיין ארבייט וואו איך געפין עס צו זיין באַקוועמער.

— ווייסט איהר וואָס? האָט ער זיך א כאַפּ געטאָן: אויף צו שרייבען אַזוי ווי איהר שרייבט, מוז מען ניט וואוינען אין בין, מען קען עס שרייבען אין נ. י. און צושיקען. וויפיל וואָלט איהר מיר רעכענען פאַר אייער שרייבען פון נ. י.? איך מיין, וואָס וואָלט עס מיר קאָסטען? וואָלט איהר עס מיר ניט צושיקען פאַר א 15 און אפשר 10 דאָלאַר א וואך?

— אייך איז צו שווער צו צאָהלען 25?

— וואָס איז שייך צו שווער? ן אודאי איז מיר ווענינער גרינגער צו צאָהלען ווי מעהר. איהר פאַרשטעהט דאָס אליין. ס'איז ביזנעס, און פאַרשפּאָרען מיינט — פאַרדינען. אָט די זאכען וואָס כ'קריג צוגעשיקט פון נ. י.'ער ביוראָ און פון די פּראָווינץ צייטונגען קאָסטען מיר א קלייניגקייט. כ'קען זיי קריגען פּלענטי! כ'קען אויספילען א פּייפּער אָהן שרייבער! נאָר אַזוי ווי אייערע קען איך דורך זיי ניט קריגען, ווייל איך עס ביי אייך אָרדערען, און אַזוי ווי איהר ווילט די רעדאַקציע ניט קענען, אַזוי ווי די שטאָדט בין איז אייך ניט אַזוי געפעלען ווי נ. י. — איז מילא ן שרייבט מיר פון נ. י. וועל איך ווייסען, אז איהר זיינט ניטאָ, וועט אין מיר ניט פּלאַצען יעדער טאָג די גאַל וואָס כ'זעה אייך דאָ ניט. איהר פאַרשטעהט, כ'וויל אז אלע „הענט" וואָס איך עמפּלאָיע זאָלען דאָ זיין פאַר'ן אויג. כ'זאָל זעהן ווי זיי ארבייטען. און אז פרעמדע, געסט קומען אריין זעהן די ביזנעס, זאָל איך זיי האָבען וואָס צו ווייזען! זיי זאָלען האָבען אויף וואָס צו קוקען.

— דאָס זיינען גאָר אנדערע רייד: וויבאַלד אז מיר, די „הענט", זיינען פאַר אַן אויסשטעלונג, איז שוין וויכטיג צו זיין דאָ די גאַנצע צייט, וואָס די „שאָו" געהט אָן.

— איז ווילינט איהר איין צו ארבייטען דאָ א גאַנצען טאָג?

— ניין, דאָס ניט. ווייל, ווידער די זעלבע זאך: ניטאָ וואו, אָט סיידען דאַן ווען כ'וועל האָבען געענדיגט דעם ראָמאַן און וועל ניט אָנהייבען שרייבען קיין צווייטען. און די היץ וועט אביסעל אָפּפאַלען און איך וועל פאַר זיך אליין כאַטש א דעסק א פאַרשלאָסענעם האָבען, דאַן —

— ווי לאַנג וועט אייך נאָך נעמען דער ראָמאַן?

— נאָך א פּאָר וואכען.

— יע, דאָס דערמאָנט מיך צו פרעגן אייך: דער העלד דארטען האָט זיך נאָך ניט ארויסגעארבייט. נאָך אלץ א פּור פּיש?

— יעס, ער וועט שוין בלייבען אן אָרימאַן.

— זעהר אינטערעסאנט! האָט ער זיך א קרים געטאָן: איז וואס וועט זיין דער סוף? וואס וועט זיין איהר „קאמ־פּענסיישאָן"? וואס וועט זי טאָן מיט'ן ממזר, וואס? אויף וואס'ערע קלאגען דארף זי איהם?

— זי וועט איהם האָדעווען.

— א ממזר!? וואס מיינט איהר?

— וועל, דער ממזר וועט ווערען א געזעצליך קינד.

— ווי אזוי? האו דו יו דו איט?

— ער וועט מיט איהר חתונה האָבען.

— נו, און איהר מאן? דער מאן איז א הונט?

— ער וועט זיך מיט איהר גט'ן.

— דאָס איז ניט שלעכט... און, וואס וועט זיין מיט דער אלמנה?

— גאר נישט.

— און מיט'ן מעצענאט'ס טאָכטער? אויך גאר נישט?

— אויך גאר נישט.

— זיי האָבען דאָך איהם ליב געהאט, נאו?

— יע, אָבער איינער קען דאָך ניט חתונה מיט אלע וועל־כע האָבען איהם ליב. קען ער?

— נאו, ווי'קאָס נאָט. סיידען ער זאָל זיך גט'ן מיט דער וואס ער האָט חתונה און מיט דער אנדערער — אנט־לויפען.

— איז וואס וועט זיין מיט דער דריטער, דער פערטער, א. אַ. וו.?

— טאַקע, וואס? זאָגט איהר! איהר שרייבט דאָך די ראָמאַנען, ניט איך. ווען דער ראָמאַן איז אין מיינע הענט, אָדער ווען איהר שרייבט ווי איך זאָג אייך, איז, ביליוו מי, ס'וואָלט געווען א פּיטש! מ'וואָלט געריסען דעם „וועג ווייזער" פון די הענט. די גאנצע שטאָדט וואָלט גערעדט וועגען דעם! ס'וואָלט געקאָכט ווי מיט טשיקי'ן!

— פאר וואס זאָלט איהר ניט שרייבען א ראָמאַן?

— איך בין ניט קיין שרייבער, איך בין א פּאָבלישער!

— האָט ער מיט גרויסקייט געזאָגט. — איך דארף געבען אָר־

דערם די שרייבער וואס צו שרייבען. עס פארשטעהט זיך, צו אזעלכע וואס פאָלגען מיר... ניט אזעלכע, וואס האָבען זייערע אייגענע אידיעס!

— זאָגט מיר, וואס זאָגט אייער ווייב אויף דעם ראָמאן?

— מיין ווייב? זי זאָגט דאָס ער געפעלט איהר. אבער איך גיב דאָך ניט ארויס א פּייפּער פאר מיין ווייב. איז וואָס זאָגט איהר וועגען שרייבען זאכען פון ניו יאָרק? גיט מיר אויף דעם נעקסטער וואָך אן ענטפער. טס׳נאָ האָרי, כ׳קען ווארטען א וואך. כ׳האָב אייך געזאָגט אז כ׳וויל אייך, ספּעשעל אייך האָבען אין פּייפּער. אז כ׳וויל קען איך דעם גאנצען פּייפּער ארויסגעבען אָהן שרייבער. יעס, מעם! שרייבער איז די לעצטע זאך. יו נאָו —

מיר האָט זיך איהם שוין, אויפ׳ן אָרט, געוואָלט זאגען דאָס איך פארלאָז איהם, איך פאָהר אין ניו יאָרק, און וועל איהם פון דאָרט גאר נישט שיקען, אָבער כ׳האָב מיר געהייסען אָפּווארטען נאָך א וואך. ניט היצען זיך. לערנען מעהר וועגען „וועג ווייזער" מיט זיין ארויסגעבער. וויסען בעסער וואו מיר האלטען מיט דער פרעסע אונזערער אין דער פּראָווינץ און אָנקוקען בעסער די שטאָדט בין, וואס ווערט גערעכענט פאר א שטאָט א געבילדעטע, א היסטאָרישע און וואס פארמאָגט זאכען וואס זיינען פונקט דער געגענזאץ, דער ווידערשפּרוך דערפון.

שפּעטער צו, נאָכ׳ן געשפּרעך מיט רעט׳ן, זיינען צו מיר סאן, באָרג, שטיין און אנדערע צוגעקומען פרעגען צו וואס כ׳האָב זיך מיט׳ן „באָס" דעררעדט און איך האָב געזאָגט: „צו אָפּפּאָהרען פון בין. ער קען ארויסגעבען דעם „וועגווייזער" אָהן שרייבער.

— אָהן שרייבער? ווי אזוי?

ווען זיי האָבען געהערט ווי אזוי, האָבען זיי זיך פארשטענדליך איבערגעקוקט און געזאָגט: „טאַקע, ער קען דאס טאָן". און זיי זיינען געוואָרען אומעטיג און פרעהלאָך. אומעטיג, ווייל זיי וועלען ניט האָבען קיין דזשאבס, און פרעהלאָך וואס זיי וועלען ניט האָבען אזעלכע דזשאבס. וואס זיי וועלען אָפּאטעמען פרייער, אוועק פון בין, קומען אין ניו יאָרק.

— איך געה אוועק נעקסטע וואך, — האָט סאן גע־מעלדעט.

— און איך נאָך די וואך, — האָט שטיין געזאָגט.

— און איך, — האָט באָרג געזאָגט, — וויים ניט וואס צו טאָן. איך ארבייט ווי א פערד און קיין רעיז גיט ער ניט. כ'האָב מורא אז איך וועל זיך דאָ אויך לאנג ניט האלטען. ס'איז אַ מיאוס'ע מעשה. ס'איז פּשוט א באַליידיגונג אזא דזשאב. פונדעסטוועגען —

פונדעסטוועגען וואלט ער, ווי עס האָט אויסגעזעהן, ווע־לען די באַליידיגונג זאָל לענגער אָנהאלטען. — — — — — — —

## 11

געענדיגט דעם ראָמאן און איהם אפּגעגעבען צום פּרינ־טער. ער האָט אויף דעם א קוק געטאָן: דאס אַלעס?

— ווייניג?

— שור ווייניג! דער ראָמאן דארף ערשט אָנהייבען צו געהן און געהן. מ'האָט דאָך איהם ערשט גענומען לייע־נען. עס איז שפּאַנענד, אינטערעסאנט. גיט נאָך! דאָנט בי סטינדזשי!

— נאָך געבען קען איך ניט. דאָס איז דער סוף. איך געה באַלד אוועק פון דער צייטונג.

— וואס!? א י ה ר געהט אוועק? איהר וועט דאָך דער'הרג'ענען דעם פּייפּער. איהר מוזט דאָ זיין. אָהן אייך —

— וועט מען אויך קענען אויסקומען. אָט ווען א י ה ר געהט אוועק, וואלט געווען אנדערש. אָהן זעצער קען מען דעם „וועג ווייזער" ניט ארויסגעבען, אָבער אָהן שרייבער —

— קען מען אויך ניט!

— רעט זאָגט דאָס ער קען.

דער זעצער איז געווען אויסער זיך: ווי אזוי קען דאָס דער רעט זאגען אזא זאַך? ניט אַנדערש ווי ער איז פון זינען אראָפּ! ער איז א געבוירענער משוגענער!

און דער זעצער, וועלכער איז געווען דער עלטסטער און דער איינציגער, אזוי צו זאגען, א באָס איבער זיך אליין, האָט זיך גענומען אויסריידען זיין ביטער הארץ אויף רעט'ן: ער האָט די גאנצע ארבייט ארויפגעווארפען אויף איהם, אויף

איין מענשען. אלע טאג זאגט ער צו איהם צו געבען העלפער און דערביי בלייבט עס. אז ער קריגט יע ווען איז דאס אזא מציאה, אז עס טויג אין דער ערד. דער צווייטער פרינ־טער וואס איז אויך באס און מענש אויף א צווייטער אפּ־טיילונג פון פרינטינג רום, איז שוין קראנק צום טויט. ער וויים ניט וואס ער טוט. און אלע וואונדערען זיך נאך פאר וואס דער פייפער האט אזוי פיל גרייזען. ווי אזוי זאל ער עס ניט האבען אז דער אינגעל וואס קוקט איבער די קאָ־רעקטורען קען קיין אידיש ניט. אן אמעריקאנער סקול־בוי. רעט האט איהם אריינגענומען אויסצולערנען אידיש און איינברעכען אין סטעף פאר 3 דאלאר א וואך!

מילא, ווי דער סקול באי האט געלעזען די פרואווס איז נאך געוועזן צו דערליידען. נאר פאר זיין ארט שרייבען וואלט ער בעדארפט קריגען א טשיהונענעם מעדאל מען וואלט עס געמעגט געהן אויף בילעטען אנקוקען.

ער האט איבערגעשריבען אדווערטייזמענט אדער גע־לערענט זיך אידיש דורך איבערזעצען זאכען פון ענגליש. האט ער גענומען גרויסע, ברייטע בויגענס פאפיר און געשריבען איבער די גאנצע ברייט פון דעם. אנגעהויבען דאס פון רעכ־טען ברעג און דערפירט עס ביז'ן לינקען ברעג. דערצו אזוי געדיכט און איין שורה נעבען דער אנדערער, דאס עס האט אויסגעזעהן ווי א נעץ פאר כאפּען פיש.

און וויפיל מאל איך האב איהם געראטען אויף שמאלע פאפיר צו שרייבען, שיטערערע שורות און ניט אזוי געגריי־זעלט, האט ניט געהאלפען. מר. רעט האט געזאגט אז ס'איז אלרייט, ער'ט זיין אלרייט, און — ער האט זיך מיט מר. רעט'ס מיינונג מעהר ווי מיט ווענעם ניט איז אנדערער גע־רעכענט.

---

אראפגע'פטר'ט פון זיך דעם ראמאן, האב איך געקענט שענקען מעהר צייט צום שרייבען פון זייטיגע זאכען, מיט די פראגען פון טאג, וואס די פרעסע איז געווען פול מיט דעם און איך האב געשריבען:

עדיטאריעלס, ארטיקלען וועגען דעם ווי מען קען זיך איינ־ארדענען שעהנע, דעקאראטיווע היימען ווען מ'האט אביסעל געשמאק; איבער'ן פרינץ און וועילס, קעניגין מאריא פון רו־מעניען, וועגען יונגען שילדקרויט מיט זיין ווייבעל, וועגען

באַבען אדער ניט באַבען די האָר, וועגען דער געפאהר צו זיין שעהן, וועגען טרעמפּס, וואנדרער, האַיקערס (דער אונטערשיד צווישען זיי) גלייכע רעכטע, אייפערזיכט, נקמה, נייגערינקייט, פאמיליע לעבען, ליבע, הייראט, פּליכעס, בערד, אָפּעריישאָנס, עקסידענטס, מאָרדען און וואס ניט!

מיט׳ן פּרינץ אוו וויילס, מיט דער קעניגין פון רומעניען און דזשאָזעף שילדקרויט האָב איך געהאַט אביסעל טראַבעל: זיי זיינען דאָך ניט קיין בין׳ער, האָט זיי רעט ניט געוואָלט אין „וועג ווייזער" אַזוי גערן אַריינלאָזען. אָבער דער רעדאַקטאָר האָט פאר זיי געבלאָפּאָטיעט און די געפאהר פון ניט געבען זיי די רעכט פריי צו עמיגרירען — אָפּגעשאַפּט. מיט זיי אָבער איז די קוואָטא געווען פארפילט און עס איז געווען פּלאַץ בלויז פאר אזעלכע וואס זיינען מיט דער שטאָט בין דירעקט געווען פארבונדען.

בין׳ס אַיינוואוינער איבער אַלעם!

האָט אָבער דער גאָט פון אלע נייעסען ניט געוואָלט, אַז אין בין זאָל וואָס פּאַסירען. אַלע נייעסען וועגען האָלד־אַפּס, מאָרדען, פייערען, גט׳ן און סקאַנדאַלען האָבען דוקא פּאַסירט אין ניו יאָרק, בראָנקס אדער ברוקלין. אמאָל אויך אין אַנדערע שטעדט, נאָר ניט אין בין. קיין אומגליק האָט אין איהר ניט געטראָפען. אַזא פאַרדאַמט־אָנשטענדיגע שטאָדט! זיצט זיך אויף איין אָרט אין דער היים. האַלט זיך ביי די אַלטע טראַדיציעס פון די ערשטע סעטלערס. טוט גאָרניט, מ׳זאָל אויף איהר ריידען. האַלט אָן איהר גוטען נאָמען. היט אָפּ איהר גוטע רעפּוטאַציע.

דער „וועג ווייזער" האָט שטארק געליטען פון בינ׳ס גוטע רעפּוטאַציע. א לאָקאַלע צייטונג איז אַזוי ווי א נאָהענטע שכנה, א באַריידערקע, א ספּליעטניצע. און אַז ס׳איז ניטאָ אַזעלכעס, אויף וואָס צו ריידען, איז טאַקע גרויסע צרות.

האָט דער „וועג ווייזער", דאָס הייסט רעט, פון דער שטאָדט׳ס גוטע רעפּוטאַציע טאַקע געליטען און די אומצופריידענהייט איבער די ליידען צו די „הענט" אויסגעלאָזען.

ער האָט געשריגען אויפ׳ן סירקוליישאָן־מענעדזשער, פאַרוואָס די בערג „וו. וו.", די צוריקגעבראַכטע, וואקסען; פארוואס ער שיקט זיי ניט פאַנאַנדער; פאַרוואָס שטעהט ער כסדר נעבען די מיידלאַך אין אָפּיס און רעדט, און רעדט. וואָס׳ט פון זיין ריידען מיט זיי אַרויסקומען?

ער האָט געשריגען אויף שטיינ'ען פאַר זיין שטעהן און ניט פאַרשטעהן, וואָס מען רעדט צו איהם. שטיין האָט זיך געפונען באַליידיגט פון דעם און איז אוועק. אויס. ניט מעהר אין „וועג ווייזער". ער'ט בעסער פאָהרען אין די בראָנקס.

האָט ער געשריגען אויף דעם, וואָס נעהמט אריין די אַד־ווערטייזמענטס, פאַרוואָס ער נעהמט זיי נ י ט אריין. פאַרוואָס לאָזט ער זיי געהן אין אַנדערע פּייפּערס, אין פרעמדע, אין צו־געשיקטע פון אַנדערע שטעדט. פאַרוואָס פאַרכאַפּט ער ניט די זאַכען פריהער פון אַנדערע. אויף וואָס וואַרט ער; מ'וועט זיך קומען צו איהם בעטען?

געשריגען אויפ'ן „סיטי־עדיטאָר", אויף סאַנ'ען, פאַרוואָס ער שרייבט „אפּעלסין" אַנשטאָט „אָרענדזש", „אונטערערדישע באַהן" אַנשטאָט „סאָבוויי", „פענסטער" אַנשטאָט „ווינדע" אָדער „גאַס" אַנשטאָט „סטריט".

סאַן האָט צוגעזאָגט צו יוזען אַלע ווערטער, וואָס איהם גע־פעלט, אבי ער זאָל ניט מאַכען אַזאַ טומעל וועגען דעם. אויב אָבער ער וועט נאָך שרייען, קען ער גאָר אוועקגעהן.... ער איז שוין סיי ווי טויט קראַנק און קען איינער אַליין פאַר צעהן ניט ארבייטען. ער פיהלט ווי צו שטאַרבען.

האָט ער געשריגען אויף די זעצער, און די זעצער האָבען צוריקגעשריגען, און עס האָט געהאַלטען דערביי זיי זאָלען זיך צושלאָגען און ס'ניט געוועזן וואָס זאָל זיי דערפון אָפּהאַלטען — האָבען זיי דעם געשלעג אויף אַ צווייטען מאָל אָפּגעלייגט.

אַז איך האָב שוין ניט געהאַט צו שרייבען דעם ראָמאַן און האָב מעהר און מעהר אַרטיקלען פאַר'ן פרויען־פּיידזש גע־שריבען האָט רעט געמיינט אַז דאָס קומט איהם און ער האָט געוואָלט נאָכמעהר.

מעהר אַרטיקלען און מעהר שטאָף אין זיי וועגען בין. בי־קאָס די אַלע זאַכען, האָט ער געזאָגט, וואָס איך שרייב, וואָל־טען געקענט געדרוקט זיין אין איעדער צייטונג, וואָס האָט מיט בינ'ס אינטערעסען גאָרניט צו טאָן, צום ביישפּיל:

דעקאָראַטיווע היימען? — זיי קען מען מאַכען אין אַנ־דערע שטעדט אויך. ס'ניט געזאָגט געוואָרען אין אַרטיקעל, אַז דאָס איז געמיינט פאַר די בינ'ער אידען.

נו, וועגען פּרינץ אָוו ווילס, קעניגין פון רומעניען, שילד־קראָוט און אַנדערע שלעק — קען מען דאָך געוויס ניט זאָגען, דאָס זיי האָבען מיט בין וואָס ניט איז צו טאָן. וועגען דער האָר־

פראַגע איז דאָס פּאַר בין אַביסעל צופיל „אַהעד אָוו די טיים"— בין שערט זיך ניט. בינ'ער ווייבער בלייבען ביי זייערע לאַנגע האָר און קורצען שכל. וואָס איז שייך ליבע, הייראַט, אייפער־זיכט, פּליכטען, בערד, מאָרדען א. אז. וו. — זיינען דאָס אַלגע־מיינע, אַלוועלטליכע און אַלטעגליכע זאכען. וואָס דער „וועג ווייזער" וויל האָבען, איז — זאכען וועגען מענשען, וואָס וואוי־נען אין בין גופא, וואָס אַלע קענען זיי, וואָס ס'איז צו זיי מיט'ן האַנט צו דערלאַנגען!

ער שווייגט אַ רגע און שרייט אויס: אינטערוויוס! יעס, מעם, אינטערוויוס! באַשרייבונגען וועגען לעבען פון באַוואוס־טע אידישע פּערזאָנען, ביזנעס־לייט, כלל־טוער.

— פּאָליטישענס...

— יעס מעם, יו גאָט מי!

— ביליגע פּאָליטישענס... — גיב איך צו.

— זאָל זיין ביליגע. די ביליגע קאָסט עס טייערער... אַט וועגען זיי וואָלטען אַלע וועלען לעזען. יעס מעם! דאָס איז, וואָס איך וויל, איהר זאָלט טאָן. און אז איהר'טס טאָן, ווערט איהר אַ פּאַרט פון „וו. וו." און ער קאָן אָהן אייך ניט אויסקומען און איהר בלייבט דאָ ביז... איהר קענט קריגען 30 און אפשר די גאַנצע 35 דאָלאַר אַ וואָך! נעהמט ביי דער טעלעפאָן־מיידעל אַלע אַדרעסען פון פּראָמינענטע מענשען, וואָס קענען זיך באַ־צאָהלען, וואָס גלייכען פּובליסיטי, און הייבט זיי אָן צו באַ־זוכען. געהט היינט צו די, מאָרגען צו יענע.

— איהר וואָלט שוין בעסער זאָגען פּאָהרט. נעהמט אַ מאַשין און פּאָהרט, וויבאַלד אז ס'איז דאָ אַזוי הייס.

— אַ מאַשין גאָר! — האָט ער הויך אַ לאַך געטאָן — מיט'ן קאַר, מיט'ן סאָבוויי, „על" צי פּערי לווינט אייך ניט? צו פילע פון זיי קען מען גאָר צוואוואָקען.

— אין בין וואָקען און פּאָהרען מיט די אַלע זאכען, וואָס איהר האָט אויסגערעכענט? עס וועט דאָך ביי מיר די גאַנצע צייט אַוועק אין בלאָנדזשען.

— נו, איך קען אייך קיין מאַשינען ניט געבען! אַ מאַשין! הא, הא, הא, ניטאָ ווער עס זאָל לאַכען! וואָס זאָגט איהר, מיידלאַך, צו אַזאַ זאַך, ע?

אַזוי ווי די מיידלאַך האָבען צו דער זאַך גאָרניט געזאָגט, איז ער דאָס אַוועק זאָגען דעם רעדאַקטאָר מיט די זעצער, זיי זאָלען איהם העלפען לאַכען.

.12

די אידיש־רוסיש שפּרעכענדע אינטעליגענץ פון בין, אַז זיי האָבען באַקומען צו וויסען, דאָס איך וויל דעם „וועג ווייזער" פאַרלאָזען, האָבען מיט באַדויערונג געזאָגט, אַז:

„אַזוי איז דאָס מיט בין — ווער ס'קומט אַהער, אַנט־לויפט צוריק אַהין, פון וואַנען מ'איז געקומען. ווייניגע קענען זיך דאָ איינלעבען. ניטאָ מיט וואָס. ניטאָ מיט וועמען. זו־מער איז נאָך צו דערליידען, ס'הייס, זוכט מען זיך נאָר וואו אָפּצוקיהלען. אָבער ווען עס קומען די לופטיגע טעג מיט די לענגערע אָווענטען, איז ניטאָ זיך וואו אַהינצוטאָן."

און זיי זיינען מקנא די יעניגע, וואָס האָבען ס'מזל צו וואוינען אין ניו יאָרק, אַ שטאָדט, אין וועלכער מען קען זעהן אַלע וואונדער פון דער וועלט, און אַז מ'וויל גאָרנישט ניט טאָן, זיינען פאַרהאַן די קאַפעען, די ליטעראַרישע, און מ'קען דאָרט זיצען ביי אַ גלאָז טיי ביז אין טאָג אַריין זיצען און ריידען. עס איז דאָ מיט וועמען צו ריידען.

מר. נ., דער ליבלינג פון דער גרופּע אינטעליגענטען, צור־מאַכט פון די ליטעראַרישע מענשען אַש און בלאָטע. לויט זיין מיינונג, קלייבען זיך אַהין מענשען מיט פּרעטענזיעס מעהר ווי מיט טאַלאַנט. אויף יעדען שרייבער אָדער שרייבערין האָט ער עפּעס אַן אַנדער חסרון אויסצוזעצען. אויף איינגע שרייבער, וואָס ער קען פּערזענליך, פרעגט ער מיט אַנטריסטונג:

— ווער זיינען זיי? וואָס זיינען זיי? ווען איך האָב זיי אַמאָל געקענט איז אין זיי קיין סימן פון טאַלאַנט ניט געווען. עס האָט זיי נאָר אָפּגעגאָלטען צו קריגען פּעטע דזשאָבס, מיי־נען זיי, אַז זיי זיינען עפּעס. און קריטיקער זיינען זיי געוואָרען, און פּאָליטיקער, און וואָס ניט! היינט זייער פּערזענליכער לעבען — —

פון זייערע פּערזענליכע לעבענס האָט ער גאַנצע פּעק סודות, וואָס זיינען, זאָגט ער, שוין גאָר קיין סודות ניט. אַלע ווייסען עס. ער האָט זיך אָנגעהערט מעשיות פון דורכפאָה־רענדע ביכער־אַגענטען, רעדנער, אַקטיאָרען וכדומה, פון וועל־כע, זאָגט ער, אַ מענש מיט פאַרשטאַנד קען וועגען זיי אַ סך לערנען.

ער דערצעהלט מיר וועגען דער'ס מאַן מיט יענעמ'ס ווייב, דעמ'ס טאָכטער און יענעמ'ס זוהן. וועגען אַזעלכע און אַזעלכע

געוואוינהייטען און פארברעכענס פון דעם אדער יענעם... איך וואונדער זיך:

— ווי קומט עס, וואס איך, קענענדיג יענע, דאכט זיך, אזוי לאנג און אזוי פיל, ווייס גאר ניט פון די אלע זאכען?

זאגט ער, אז:

— אויב איהר ווייסט, וועט איהר עס אויך ניט צוגעבען, ווארים נאך אלעמען ווי שטארק איין שרייבער זאל דעם צווייטען ניט פיינט האבען, זיינען זיי אלע צוזאמען ווי איין משפחה. איינער וויל דעם אנדערען ניט ארויסגעבען. ס'איז טאקע א קנאפער יחוס...

זאג איך איהם:

— מ'האט אייך שלעכט אינפארמירט וועגען זיי. עפעס א ליגן איז מסתמא געפעלען געווארען פאר אייך אנצוריידען אויף זיי, ווייל ער האט געזעהן, דאס אייך געפעלט עס. און אז ער האט ניט געהאט וואס אמת'עס צו דערצעהלען, האט ער אויסגעטראכט ליגענס. אינגאנצען זעהט מיר אויס אייער פיינטשאפט צו די שרייבער א ניט געוועהנליכע. איהר זייט אויף זיי אזוי בייז, ווי זיי וואלטען ביי אייך אייער טאלאנט אפגענומען. זאגט דעם אמת, האט איהר אמאל ניט געמאכט א פארזוך צו שרייבען און... און אייך איז דאס ניט געלונגען?...

עס טוט מיר באלד לייד פאר איהם, וואס איך האב דאס געפרעגט, ווייל ער ווערט שטארק רויט און קוקט זיך ארום, ווי ער וואלט ניט וויסען וואו זיך אהינצוטאן. די דערבייאיגע, אויסמיידענדיג זיינע בליקען, קוקען זיך איבער און שמייכלען.

איך בין געניינט צו גלויבען, דאס ער האט גאר ליב די שרייבער — טאקע פאר זייערע חסרונות, ווייל עס איז נאך ניט געוועזען איינמאל, וואס ווען מ'פלעגט זיך צונויפקלייבען פארברענגען, דאס ער זאל וועגען זיי כמעט די גאנצע צייט ניט ריידען. זיכער איז, דאס גלייכגילטיג איז ער צו זיי ניט. ער איז ניט פראסט גענוג זיי פיינט צו האבען אלס אינטעליגענטען, און ניט אזוי אינטעליגענט, זיי פיינט צו האבען פאר פראסטקייט. קען זיין, אז ער פארגינט זיי פשוט ניט צו קענען זיך פארגינען דעם לוקסוס צו האבען אזעלכע „פארברעכענס", די מעגליכקייט צו זיין ביז א געוויסע מאס בארעכטיגט צו „זינדיגען"...

איך זאג דאס איהם, און ער בייסט זיך די ליפען, ווי ער וואלט זיי וועלען באשטראפען, פארוואס זיי האבען אזעלכע

רייד פון זיין מויל ארויסגעלאָזען. ער שמייכעלט פאַרדריסליך און זאָגט, דאָס מען דאַרף וויסען פאַר וועמען וועגען די זאַכען צו ריידען... אז פאַר דעם, וואָס האָט געהאנגענע אין דער משפחה, טאָר מען קיין שטריק ניט ווייזען.

אזוי זאָגט ער און ערקלערט, דאָס איך בין די איינציגע, פון וועמען מ'קען ניט הערען א שלעכט וואָרט אויף שרייבער זאָגען, אז אנדערע זיינען גערן זייערע קאָלעגען ארונטערצורייסען. דאָס ווייזט אָבער ניט, אז איך בין פיל בעסער פון זיי. דאָס באווייזט בלויז, אז איך בין א פאַרבאַהאַלטענע, און איינזיכדיגע, ד. ה. אן אינטראָספּעקטיווע!

זאָל זיין אזוי.

וועגען „וועג־ווייזער" האָט די אינטעליגענץ גאָרניט גע־וואָלט ריידען. דאָס בלעטעל, האָבען זיי געזאָגט, איז אונטער קריטיק. ס'איז „טרעש!" עס פאַרשטעהט זיך, מיט דער אויס־נאַמע פון דעם, וואָס איך שרייב דאָרט... נאָר אָט וועל איך דאָרט אויך ניט שרייבען, און ס'וועט זיין גוט בלויז אויפ'ן פייער. אז ווי אזוי זאָל מען זיך רעכענען מיט דער צייטונג, ווען זי האָט אזא מין ארויסגעבער. ווער איז ער, וואָס איז ער, וואו און ביי וועמען נעהמט ער געלט דאָס ארויסצוגעבען? מ'ווייס וואו. מ'קען זיך שוין אָנשטויסען. פּאָליטיק, קאַמפּיין, וואָוטס. נאָר גאָרניט. ניטאָ זיך וואָס איבער דעם „וועג־ווייזער" צו ער־גערן. מ'דאַרף גאָרניט טאָן, כדי דאָס צו טויטען, ס'וועט אליין פגר'ן!

— ס'מיר גוט צו הערען! — האָב איך צו וועמען פון דער גרופּע א לאַך געטאָן.

זיי האָבען ניט איינגעזעהן, מיט וואָס ס'אזוי ניט גוט. ווי באַלד אז מיט דער פּאָליטישער זייט פון בלעטעל האָב איך ניט צו טאָן, און ווי באלד אז די שטעלע, וואָס כ'פאַרנומען, געה איך אויך פאַרלאָזען, איז וואָס איז דאָ אזוינס ניט גוט. ס'איז שוין דווקא יאָ גוט. ס'בעסער וואו ניט איז צו שרייבען אין ניו יאָרק, ווי אין בין, אין „וו. וו." און בעסער אוועקצוגעהן פריי־הער איידער שפּעטער. וואָלט עס כאָטש געווען א פראגע פון מאַכען א סך געלט — מילא, ווי זאָגט יענער: „אז עסען חזיר, זאָל רינען איבער'ן מאַרדע." אז ס'ניט קיין כבוד און ניט קיין געלט. וויפיל צאָלען זיי?

זיי האָבען דאָס געוואָלט וויסען. אָבער כ'געזאָגט, אז דאָס איז ניט ריכטיג... געלט איז ניט אלעס.

יעס, ווען מען ארבייט פאר אן אידעע, אבער ארבייטען פאר א קליינעם פאליטישען, וואס כאפט אן געלט ביי אלעמען, ניט אייגזעהענדיג ווי אזוי און פון וואנען ער וועט קענען אפגע־בען — איז א נארישקייט, וואס א נארישקייט? — א פאר־ברעכען.

זיי ריידען וועגען סאנ׳ען: עס איז א שרעק אויף איהם צו קוקען. דער „וועג ווייזער" וועט איהם אוועק׳הרג׳ענען — שוין אוועק׳געהרג׳עט. ס׳איז אוים מיט איהם. א שאד פונ־דעסטוועגען. ט׳נאך געקענט לעבען.

זיי באדויערען איהם, ווי א טויטען.

און דער נייער, וואס איז פון ניו יארק געקומען, א חנ׳עוור־דיגער יונגערמאן, ווייזט אוים צו זיין אינטעליגענט. נאר ער מוז זיין משוגע. געוויס אזוי. קיין קלארער וואלט אין אזא צייט פון אזא שטאדט אין אזא רעדאקציע ניט קומען ארבייטען. און נאך ווי ארבייטען! — לויפען איבער די סטריטען זוכען בילדלאך, וואס קיינער לעזט זיי ניט. אז ווער האט עס כח אין אזעלכע היצען צו לעזען, ווער?

זיי ווילען וויסען, וואוהין איך וועל פון בין פאהרען, גלייך אין ניו יארק, אדער ערגעץ־וואו אין א זומער־פלאץ ארום בין, מיט זיי, נעבען זיי, צו זיי. איך וויים נאך ניט, וואס צו זאגען. איך דארף פריהער דארטען דעם „וועג־ווייזער" זאגען גוד־באי און דאן ערשט — —

מיר דאכט זיך, אז איך האב זיך שוין אזוי אריינגעצויגען אין דער רוטין־ארבייט, אז... ס׳מיר שוין גארניט אזוי שווער. קען זיין, אז איך זאל אזוי ארום נאך און נאך און נאך א וואך דארט ארבייטען. דאס איז, אויב דער רעט זאל מיר וועגען א נייעם ראמאן, אינטערוויום מיט פאליטיקס קיין קאפ ניט דרעהען. ער דארף זיין צופרידען איך קום שוין א סך פריהער, ווי די ערשטע פאר וואכען, אין רעדאקציע. איך האב אויס־געפונען, דאס פריהער איז בעסער צו געהן. ניט אזוי הייס. מ׳קען אפילו אויף די באשאטענטע זייטען פון סטריט וואקען. און דער דעסק, ביי וועלכען כ׳מיר אפטער גענומען זעצען, איז שוין כמעט אזוי גוט, ווי מיינער.

איך קוק יעדען טאג אויף מיין פיידזש און גלויב קוים מיינע אויגען, דאס איך האב עס איינגאנצען אנגעשריבען! אבי איך האב געמיינט, דאס איך וועל דאס ניט קענען... א פאלשע מיינונג וועגען זיך געהאט... און וועגען פריה אויפשטעהן, און

וועגען אויסקומען אַזוי לייכט אָהן דער קאָפּעע. יענע דאָרטען וואָלטען דאָס קוים קענען גלויבען. זיי מוזען דאָרטען מיינען, דאָס איך געה אויס פון בענקשאַפט נאָך זיי...

מעגליך, דאָס איך האָב דאָס אַלץ אַזוי געקלערט, כדי ניט צו דערלאָזען זיך שטאַרקער צו פיהלען... געזאָגט זיך: „טפו, מיך אַרט עס ניט!" כדי צו פאַררייבען די ציינער... ווייל נאָך אַלעמען איז געווען אומעטיג... אַלעס אין און אַרום הויז איז געווען קאַלט און פרעמד. עס האָט זיך געדוכט, אַז עס איז גאָר קיין נאָהענטער אויף דער וועלט ניטאָ. ניט געווען אויך: כ'האָב זיך אַליין געהאַט.

איז די רעדאַקציע פון טאָג צו טאָג געוואָרען בעסער, ווי זי האָט פון אָנהויב אויסגעזעהן צו זיין. שוין בעסער דערמיט, וואָס זי האָט געצוואונגען צו אַרבייטען, וואָס מעהר צו שרייבען און וואָס ווייניגער צו טראַכטען אָדער פיהלען...

אויסער דער אַרבייט איז געווען דאָס לעבען, די אַטמאָ־ספּערע פון „וועג־ווייזער"־רעדאַקציע, וואָס האָט צייטענווייז פאַרנומען. די האַלב־פאַרוויקעלטע, שיטערע ראָמאַנען, וואָס זיינען צווישען די אָפּיס־מיידלאַך מיט די אָפּיס־מענער פאָרגע־קומען. די מאָדנע טיפּען, וואָס פלעגען קומען אָנבאָטען זייערע „דינסטע" דעם „וו.־וו." מיט זיינע מעשענע כלים (פרעמיומס) צו פאַרשפּרייטען, און רעט'ס געיעג נאָך פּאַסירונגען, וואָס האָ־בען שטאַטגעפונען אין בין. זיין אַנטריסטונג געגען די יעניגע, וואָס האָבען ניט אין „וועג־ווייזער", נאָר אין אַנדערע צייטונגען געגעבען אַדווערטייזמענטס. זיין ליאַרמען, זיין שרייען, זיין לאַכען, — אַלץ, איינס נאָך ס'אַנדערע. און די צוטומעלטקייט פון דעם צירקוליישאָן־מענעדזשער, וועלכער האָט געוואָלט מיט־שטימען מיט'ן באָס' שטימונגען. און אינמיטען פון די אַלע זאַ־כען — אַ באַזוך פון אַ באַלעבאַטישען אידען אָנצוקוקען די ביזנעס.

רעט פלעגט אַזעלכען מיט אַ גוואַלדיגער הנאה אַרומפיהרען און ווייזען, ווי אַזוי ס'אַרבייט זיך.. זיך איבערנעהמען דער־מיט, וואָס ער ווייס די אַלע מאַכינאַציעס אויף אויסווייניג, און ער'ט נאָך ווייזען די אידען פון בין, וואָס און ווער ער איז. זיי וועלען אַלע צו איהם קומען בעטען זיך, ער זאָל זייער געלט אין זיינע ביזנעס אריינגעהמען, אָבער ער'ט זאָגען לאַ מיט אַן אלף. אַז זיי האָבען דאָס פריהער ניט געוואָלט געבען, טאָ זאָלען זיי

זיך איצט דערמיט האַלטען! ער קערט ניט פאַר די, וואָס קע־רען ניט פאַר איהם. יעסער, דאָס איז וואָס ער איז!

אַזוי גיך, ווי אַזאַ באַזוכער געהט אַוועק, באַקומט רעט מעהר אַמביציע איינצופיהרען נייע נייעסען אין רעדאַקציע. ער קומט צו פרעגען מיך, וואָס איך טו. ער וויל מיט מיר ריי־דען. ער רעדט:

— איך וויל — זאָגט ער — איהר זאָלט מיר פון די שבת'־דיגע און זונטאָג'דיגע ענגלישע צייטונגען מאַכען אַרטיקלען אויף מאָנטאָג. אַזוי פיל, וויפיל איהר'ט נאָר קענען. ס'זיינען פאַרהאַן אַ סך טייערע אַרטיקלען. כ'וויל זיי האָבען. איהר'ט וואַרטען פרייטאָג פאַר די שבת'דיגע און שבת אַרום 11 ביינאַכט וועט איהר קריגען דאַון־טאַון די זונטאָג'דיגע. איהר'ט עס גוט דורכקוקען און מאַכען עס פאַרטיג פאַר זונטאָג נאָכמיטאָג, כדי ס'זאָל אַריין אויף מאָנטאָג!

וואונדער איך זיך: וואו וועט ער נעהמען פּלאַץ פאַר דעם, אַז דער גאַנצער „וועג ווייזער" האָט עטליכע געציילטע זייטען?

זאָגט ער, דאָס פאַר פּלאַץ וועט ער זיך שוין זאָרגען. וואָס איך זאָל טאָן, איז — מאַכען די אַרטיקלען.

זיין באַפעלענדער טאָן, זיין באָסישע האַלטונג געפעלט מיר ניט, און איך זאָג מיר גלייך, דאָס איך מוז איהם ניט פאָלגען.

— וועט איהר דאָס מאַכען? — וויל ער וויסען.

— איך וועל זעהן... אויב כ'וועל גענוג צייט האָבען...

— וואָס הייסט גענוג צייט?

— גענוג צייט מיינט — גענוג צייט.

— וואָלט איהר אַ ניו יאָרקער רעדאַקטאָר אויך אַזוי גע־ענטפערט, ווען ער וואָלט אייך אַזאַ זאַך הייסען?

— אַ ניו יאָרקער רעדאַקטאָר וואָלט עס מיר ניט הייסען. ער וואָלט, זעהענדיג, וויפיל איך האָב אויסער דעם צו טאָן, אויף דער אַרבייט אַן „עקסטרען" מיטאַרבייטער אָנגע־שטעלט און... וואָלט פאַר דער אַרבייט באַזונדער פון די וויי־כענטליכע באַצאָלען.

— אַזוי גאָר? פאַר יעדע זאַך באַזונדער צאָלען? מ'קען אַזוי פיין אויסזעהן!

איך האָב איהם געזאָגט, ווי פיין מ'קען אויסזעהן, ווען מען זאָל כמעט יעדע זאַך טאָן אומזיסט, און אַז אייגענטליך איז ער מיר ניט קיין רעדאַקטאָר. דער רעדאַקטאָר איז מר. קאָם, וואָס האָט מיר געשריבען אויסדריקליך, וויפיל אַרבייט עס וועט פון

מיר ערוואַרטעט יעדען טאָג. 6 טעג א וואָך, איין טאָג פריי. שרייבען עדיטאָריעלס און רעדאַגירען דעם פרויען־פּיידזש דאַרף איך. דאָס אַלעס. גיב נאָך דערצו אַ ראָמאַן און רעדאַגיר ניט, נאָר שרייב אָן דעם פּיידזש — איז דאָס נאָך אייך ווייניג? טוט מיר לייד, אָבער מעהר טאָן, וויפיל איך טו, קען איך ניט.

— איהר ווילט ניט! קענען קענט איהר, נאָר איהר ווילט ניט!

— זאָל זיין אזוי.

ס'אַרט מיך שוין ניט, ווי און וואס ס'זאָל ניט זיין. איך זעה, דאָס איך וועל דאָ לאַנג סיי ווי ניט קענען איינזיין.

---

.13

אין דער שטאָדט בין איז געשעהן א נייעס: א גרויסע וואָהלטעטיגע פּערזענליכקייט איז געשטאָרבען.

זיינען די לאָקאַלע צייטונגען ז י י ע ר ע געוועזן פול מיט דעם. און רעט איז אויף מיר געוואָרען אין כעס: ווען איך פאָלג איהם און געה מאכען אינטערוויוס, וואָלט איך ביי דער פּערזענליכקייט פאַר'ן „וו.־וו." אַן אינטערוויו ארייגעכאַפּט. נו, האָב איך עס אָפּגעלייגט אויף שפּעטער, איז נאָט אייך אַ שפּעטער — איז זי געשטאָרבען!

— פאַרפאַלען... — טרייסט איך איהם.

אָבער ער לאָזט זיך ניט טרייסטען. ער שרייט, אַז ביז וואַנען איך וועל זיך אויסקלייבען די בינ'ער גרויסע פּערזענליכקייטען צו אינטערוויואירען, וועלען זיי אַלע אויסשטאַרבען. אָט, ווייזט ער, אַלע היגע ענגלישע צייטונגען זיינען פול מיט דער פּערזענליכקייט.

— איך זעה ניט איין, פאַרוואָס זיי זאָלען ניט זיין פול מיט דער פּערזענליכקייט, ס'איזייערינער, אַן אמעריקאַנער, אַ קריסטין.

— זי איז געוועזן גוט פאַר אַלעמען, געוועזן גוט צו אידען אויך. ט'געטאָן טשאַריטי. און ס'אזוי אוועק, ניט געבענדיג קיין איין אינטערוויו פאַר'ן „וועג־ווייזער"! און ווער איז אין דעם שולדיג?

כ'באַדאַרפט זאָגען, אַז איך. אָבער כ'האָב געשוויגען, און ער האָט עס געזאָגט:

— איהר זייט שולדיג. איהר זייט'ס ניט געגאַנגגען נעה־מען!

— ווערט'ס געקענט וויסען, דאָס זי וועט אַזוי גיך שטאַר־בען?...

— אַזוי גיך? ! איינע איז נאָהענט פון אַ הונדערט יאָהר אַלט געווען איז דאָס „אַזוי גיך" !

— נאָהענט פון הונדערט יאָהר?

ווייס ער ניט, וואָס איך וואונדער זיך, צי פון דעם, וואָס זי האָט אַזוי לאַנג געלעבט, צי דערפון, וואָס זי איז אַזוי גיך געשטאָרבען, און ער שיסט אַרויס:

— וואָס? וואָס פרעגט איהר מיך? איהר מאַכט מיט מיר אַן אינטערוויו? וואָס? ס'אַ גרינגע זאַך, האַ, כ'בין דאָ, אין אָפיס, מ'דאַרף ניט געהן און ניט פאָהרען גאָרניט!

דער רעדאַקטאָר ערשיינט, ווי אַ גייסט, אין טיר פון זיין אָפיס און פרעגט אָהן ווערטער, פאַרוואָס דאָ שרייט זיך אַזוי. רעט זאָגט איהם פאַרוואָס, און יענער שווייגט אַזוי, אַז עס איז לייכט צו זעהן, דאָס ער גיט רעט'ן גערעכט... איז רעט דערמיט צופרידען און ער געהט אַריין צו איהם אין אָפיס, פאַר־מאַכט נאָך זיך די טיר און זיי רײדען דאָרטען.

די אָפיס־מיידלאַך פרעגען מיך, וואָס ער האָט געוואָלט, און איך זאָג זיי: „האָבען אַן אינטערוויו מיט דער, וואָס ס'גע־שטאָרבען.

לאַכען זיי — אַן אינטערוויו מיט אַ טויטער? איהם באַ־דאַרפט שיקען, ער זאָל אַהין געהן... „די נוירוו!" צו שיקען אַן אוטאָריס, אַן עדיטאָר נעהמען אינטערוויוס פאַר'ן „וו.־וו." אַזוי ווי אימיצער וואָלט עס גאָר געלעזען. סעי, ווי גרויס איז די סירקולײשאָן פון דעם פּייפּער, עניהאַו!

אויף דער פראַגע ווייס קיינער ניט וואָס צו ענטפערען. מ'ווייס אפילו ניט, וויפיל קאָפּיעס מ'דרוקט. די, וואָס ווייסען, זאָגען ניט. מסתמא האָט מען זיי געהייסען שווייגען.

דער מיידעלשער געלעכטער ווערט אָפּגעהאַקט; רעט איז דאָ. ער קומט אַריין, ווי אַן אָנגעשרויפטער. דרעהט זיך, הייבט זיך, ווי אויף פּרוזשינקעס, און טוט האַסטיג אַ פרעג:

— וואָס איז היינט?

— דינסטאָג. — ענטפערט איהם די סעקרעטערין, און קוקענדיג אויף דעם קאַלענדאַר, גיט זי שוין צו דעם דייט אויך.

ער ווענדעט זיך דאַן צו מיר:

— איהר האָט דאָ א היינטיגען „וועג-ווייזער״?
— יעס, אָט איז עס.
— און א נעכטיגען?
— דאָ איז א נעכטיגער אויך.
— לאָזט זעהן דעם נעכטיגען, דעם מאָנטאָג׳דיגען. ניטאָ דאָ קיין געקליבענע זאכען פון די שבת-זונטאָג׳דיגע פּייפּערס? ניטאָ! און איך האָב אייך געזאָגט, איהר זאָלט עס מאכען. פאַרוואָס האָט איהר עס ניט געמאכט?

זעה איך דאָך, דאָס ער „טשעפּעט זיך״ און וויל מסתמא, איך זאָל איהם געבען די געלעגענהייט צו שרייען אויף מיר, אז אַלע זאָלען הערען, מאַך איך זיך זעהר רוהיג, כאָטש עס קאָכט אין מיר די רציחה און כ׳פּיהל ווי צו געבען איהם מיט׳ן טעלע־פאָן-בוק אין קאָפּ, וואָס דאָס איז זיין שוואכסטער פּונקט, און כ׳וואָלט איהם אפשר געווים דער׳הרג׳עט, און איך זאָג:
— איך האָב געהאַט אזוי פיל ארבייט, א חוץ דעם...
— וואָס פאַר ארבייט? וואו איז דאָס?
— אָט ווייז איך איהם אויפ׳ן נעכטיגען „וועג-ווייזער״: פּרויען-פּיידזש, עדיטאָריעל, מאָדע נאָטיצען, פרויען-נאָטיצען, א סקיצע, וויצען, אפאָריזמען, פעדער-שפּריצען און אָט איז אַן ארטיקעל וועגען די בראָדווייער מיידלאַך, וואָס מ׳שטיקט זיי.
— וואו שטיקט מען זיי?
— איך ווייס, אז ער וואָלט וועלען, אז מען זאָל זיי שטי־קען אין בין, און איך זאָג, ווי צו להכעיס: אין ניו יאָרק!
— איז דאָס, זאָגט ער, ביי אייך אַלץ פאַררעכענט פאַר וויכטיגע זאכען?
— יעס.
— און איך זאָג, דאָס ס׳ניט דאָס, וואָס איהר וואָלט גע־קענט מאַכען פון די זונטאָג׳דיגע פּייפּערס. דאָס איז — קאָמ־פּאָט. איהר גיט מיר א גאַנצען פּיידזש קאָמפּאָט!!
— זעהר פיין, זאָג איך געלאַסען: קאָמפּאָט. איצט, אז איהר ווילט די אַנדערע מאכלים, זעהט די אַנדערע זייטען.
— מיר ריידען דאָ ניט וועגען אַנדערע זייטען. מיר ריי־דען וועגען דאָס, וואָס ס׳איז אויף אייער זייט! יעס מעם! ווי־פיל זייטען האָט איהר לעצטע וואָך געגעבען? איך מיין, וואָס איז געווען דורכאַוים אייערע, פון אייך אַליין געשריבען?
— וויפיל זייטען דאַרפען זיין? איך פרעג עס, ווייל מיר

האָבען קיינמאָל ניט גערעדט וועגען רעכענען פון זייט... אלזאָ,
וויפיל? דאָס איז מיר אליין אויך אינטערעסאַנט צו וויסען.

— זעקס זייטען! — שרייט ער אויס — און אלבעטשיו, ס'ניטאָ אזוי פיל, לאָזט זעהן! מיר'ן שוין אויסמעסטען. גיט מיר פון א גאַנצע וואָך „וועג־ווייזערס".

— הייסט דעם סירקולײשאָן־מענעדזשער, ער זאָל דאָס דערלאַנגען.

ער האָט געהייסען. יענער האָט עס דערלאַנגט. ער האָט זיי אין אָרדנונג נאָך די טעג אויסגעשפרייט אויפ'ן טיש. גענומען א סטאָליארסקען פּענסיל און פארקאַטשעט דעם רעכטען ארבעל פון העמד (איבער די היץ האָט ער דעם רעקעל פון זיך אראָפּגענומען):

— וועלכע איז דאָ אייערע? — האָט ער געפרעגט.

און ווען איך האָב איהם געזאָגט וועלכע (ווייל ניט אונטער אלע מיינע זאַכען האָב איך אונטערגעשריבען מיין נאָמען), האָט ער אויף דעם געגעבען א שמיר מיט'ן פּענסיל. אויף די, וואָס כ'האָב געזאָגט, דאָס זיי זיינען זאַכען פון אַן אנדער פּראַווינץ־צייטונג איבערגעדרוקטע, האָט ער גאָרניט געטאָן.

נאָכדעם ווי ער האָט די „וועג־ווייזערס" אזוי אָפּגעשמירט, האָט ער די ארטיקלען מיט א יארד־סטיק גענומען אויסמעסטען.

אָפּגעמאָסטען, האָט ער זיך געגעבען א גלייך־אויס, אין ענערגיש א מאַך טוענדיג מיט'ן קאָפּ, ערקלערט, דאָס די איבערגעדרוקטע ארטיקלען, וועלכע ער קריגט אויך ניט אומזיסט, פּארנעהמען ביי אנדערטהאלבען זייטען. הייסט דאָס, אז אזוי פיל פעהלט צו זעקס זייטען!

— מוז, זאָג איך, זיין א פולע זייט יעדען טאָג?

— יעס מעם! און אז ס'ניט, דארפט איהר דאָס צוגעבען פון געמאַכטע ארטיקלען, וואָס אין די זונטאָג'דיגע פּייפּערס, געט מי?

— וואַרט, זאָג איך, מעסט איצט אויס, וויפיל קאָלומס ראָמאַן דאָ איז פאַרהאַן.

— דעם ראָמאַן רעכען איך ניט!

— פארוואָס ניט?

— ס'גאָרניט!

— גאָרניט? מיין ראָמאַן — גאָרניט? (דאָס אַהן כעס...)

— נאָ. (מיט כעס) גאָרניט! און פארטייטשט גלייך: — נאַטינג!

— אזוי ? — וואונדער איך זיך — גאָר גאָרניט ?

— יעס, גאָרניט, נאַטינג ! כ׳קען קריגען דעם בעסטען ראָמאַן ביים בעסטען שרייבער פאַר דרייסיג דאָלאַר !

— פאַר דרייסיג דאָלאַר ? ביליג !

— פאַר נאָך ביליגער אויך — פאַר 25 !

— פאַר 25 ? — וואונדער איך זיך נאָכמעהר.

— יעס, פאַר 20 אויך !

הער איך זיך שוין אויף צו וואונדערען און זאָג אזוי רוהיג:

— ס׳א ליגען, איהר קענט עס פאַר אזעלכע פרייזען ניט קריגען.

— איך מאַך א וועט, אז יעס ! ווילט איהר ? כ׳אייך ווייזען לעטערס פון ניו יאָרקער שרייבער מיט נעמען, וואָס בעטען זיך, כ׳זאָל ביי זיי קויפען א ראָמאַן. און דערפאַר, וואָס ס׳א נייער פייפער, וועלען זיי אוועקגעבען, פאַר וויפיל כ׳זיי געבען. איינער שרייבט, אז מיר׳ן וועגען פרייז שפּעטער ריידן, דערווייל זאָל איך עס דרוקען, און אז דער „וועג־ווייזער„ וועט שוין שטעהן פעסט אויף די פיס, וועט ער זיך לאָזען באצאָלען, אז די לאגע וועט זיך חלילה ניט פאַרבעסערען, וועט ער ביי מיר גאָרניט מאָנען, ווייל איהם איז זעהר ליב די אידישע שפּראַך, און ער איז גרייט פאַר איהר צו „סאַקריפייסען״, וואָס ער קען!

— זעהר גוטע פאָרשלעגע — זאָג איך.

— א יאָ, גוטע ? האַ ? כ׳האָב נאָך א לעטער פון איינעם מיט א ראָמאַן, וואס וויל מיר —

— צוצאָהלען ! — האָב איך דערזאָגט.

— יעס מעם ! ער איז א בינ׳ער געבוירענער, א ווינדער־קלינער, באַט ער׳ט אָנגעשריבען א גוטען ראָמאַן, וועלכען ער וואָלט וועלען זעהן געדרוקט. ס׳קען זיין, אז ס׳אי אזוי גוט געשריבען, ווי די, וואָס פון די ניו יאָרקער שרייבער. מ׳קען גאָרניט וויסען.

— מ׳קען גאָרניט וויסען — גיב איך צו — סקען זיין, אז ס׳אזוי גוט, און ס׳קען זיין, אז ס׳איז אפשר נאָך — —

— בעסער !

— עהע !

— זעהט איהר שוין ?

— כ׳זעה. און איך זעה ניט איין, פאַרוואָס איהר זאָלט דעם ווינדאָר־קלינער׳ס ראָמאַן ניט דרוקען...

— אפשר וועל איך !

— איהר זאָלט. ער וועט אייך נאָך אפשר דערפאַר אויס־קלינען די ווינדאָוס, איהר דאַרפט עס...

דערזעהן, אַז איך שפּאַס, איז ער געוואָרען צוריק אַזוי בייז, ווי פריער און זאָגט, דאָס „נעווער מיינד", זיינע „ווינדעס", ער וועט שוין צו זיי אליין אַטענדען. וואס ער וויל, איז אָט וואָס: צי וועל איך טאָן, וואָס ער וויל, צי ניט?

כ'האָב אויסדריקליך געזאָגט, אַז ניט.

— אויב אַזוי — האָט ער אָנגעהויבען —

— געהען מיר זיך פאַנאַנדער — האָב איך דערענדיגט.

— דאַטסאָל! — האָט ער בייז צוגעשטימט. מיט בייזע טריט אַוועק צום רעדאַקטאָר אין אָפיס און שטאַרק נאָך זיך די שוואַכע טיר פאַרקלאַפּט.

די אָפיס־מיידלאַך האָבען זיך צו מיר צוגעכאַפּט: געה איך זיי פאַרלאָזען? אָה, כ'זאָל דאָס ניט טאָן. איך וועל זיי פעלען. זיי גלייבען מיך. זיי זיינען סאָרי. באָט דער מר. רעט איז א ר ע ט. יעס, ער איז! די נוירווו! אַזוי פיל צו פאָדערען. ער וואָלט גאָר באַדאַרפט דאַנקען, פאַרוואָס איך לאָז איהם מיין נאָמען אין זיין פּייפּער דרוקען, און ער —

דער טעלעפאָן: מר. קאָס בעט מיך, איך זאָל צו איהם אין אָפיס אריינקומען.

---

### .14

דער רעדאַקטאָר האָט מיך שטום באַגריסט און — אָנגע־הויבען פון וועטער:

— ס'זעהר הייס.

— שרעקליך! — האָב איך צוגעגעבען.

— ביים ים איז געוויס ניט אַזוי הייס.

— נאַטירליך.

— דער וועטער־נביא זאָגט, אַז ס'וועט זיין נאָך הייסער.

— יעס. (פּאוזע). וואָס האָט איהר מיר געוואָלט זאָגען?

— כ'געוואָלט זאָגען, דאָס מיך וואונדערט אויף אייך, וואָס איהר ווילט אַוועקגעהן.

— וואונדערט זיך בעסער, וואָס כ'געוואָלט קומען. איהר געדענקט דאָך געוויס, אויף וואָסערע באַדינגונגען כ'האָב איינ־געוויליגט דאָ צו אַרבייטען. איהר האָט מיר אליין געשריבען, דאָס אַלעס, וואָס כ'וועל דאַרפען טאָן, איז שרייבען אַ קאָלום

יעדען טאָג און רעדאַגירען די פּרויען־פּיידזש. ווילט איהר דאָס אָפּלייקענען?

— ניין... אָבער, איהר ווייסט דאָך, ווי דאָס איז — מ'קען זיך מיט א נייעם פּייפּער אַזוי ניט רעכענען.

— איך האָב זיך ניט גערעכענט. כ'געגעבען פון אַלץ מיט דער פולער האַנט. און דעם ראָמאַן — דער ראָמאַן, זאָגט ער, איז גאָרנישט.

— ביי איהם זאָגט זיך אמאָל ארויס א וואָרט. ער איז זעהר א שנעלער, א היציגער, ער צינדט זיך גיך אָן. איז —

„זאָל ער ברענען", האָב איך געוואָלט זאָגען און זיך דערפון אָפּגעהאַלטען. כ'האָב פיינט צו שילטען. דער רעדאַקטאָר האָט ווייטער געזאָגט:

— מ'דאַרף מיט מר. רעט וויסען, ווי צו ריידען. ווילט איהר מיט איהם נאָך ריידען?

— ניין, ס'איז גענוג. מיר האָבען שוין אַלץ אָפּגערעדט.

— זייט איהר, הייסט דאָס, אנטשלאָסען?

— אוועקצופאָהרען.

— עס טוט מיר לייד. פאַרוואָס אייגענטליך קענט איהר ניט שטימען?

— דערפאַר וואָס מיר קענען ניט שטימען.

— ווען איהר זאָלט עס וועלען, קענט איהר.

— ווייזט אויס, אז איך וויל ניט.

— איהר האַלט מיך ניט פאַר'ן שולדיגען, האָף איך?

— ניין, איך האַלט אייך פאַר א ניט־פאַראַנטוואָרטליכען.

— פאַרוואָס?

— פאַר אייער ניט זיין א רעדאַקטאָר, וואָס זאָל זיך ניט לאָזען רעדאַגירען. רעט רעדאַגירט אייך. ער קען אייך, אז ער וויל, איינגאַנצען אָפּמעקען. איהר וועט אין צייכען פון פּראָטעסט א וואָרט ניט זאָגען.

ער האָט געשוויגען. אזא שוואַכער, א מידער געזעסען אין רעדאַקטאָר־שטול און מיט א פאַרוויאַנעטען בליק געקוקט דורך דער שמוציגער שויב אין סטריט אריין.

— איך טראַכט — האָט ער פאַרטראַכט געזאָגט.

— יעס? וואָס טראַכט איהר?

— וואו וועל איך נעהמען דעם נעקסטען ראָמאַן?

— ביים ווינדאָו־קלינער.

ער האָט מיך פאַרוואונדערט אָנגעקוקט. כ'איהם געזאָגט

וועגען די אַלע, ביי וועמען רעט קען קריגען ראָמאַנען. האָט ער געזאָגט, דאָס ער ווייס ניט זיכער, אויב די ראָמאַנען וועלען זיין, וואָס דער „וועג־ווייזער" באַדאַרף האָבען, און געבעטען מיך, איך זאָל איהם מיט אנדערע זאכען ניט לאָזען אין מיטען, כ'זאָל איהם מיט אַ פּאָר עדיטאָריעלס און אנדערעס כאַטש אויף עטליכע טעג באַזאָרגען.

איך האָב איהם דערמיט באַזאָרגט.

פאַרהאַן רעדאַקטאָרען, וואָס ס'אויף זיי אויך אַ רחמנות. דער רעדאַקטאָר איז מסתמא ארייננגעפאַלען אזוי, אַז ער האָט זיך ניט געקענט העלפען. סאַן האָט מיר געזאָגט, אַז ער האָט דעם גאַנצען נדן אין „וו.־וו." ארייננגעלייגט, אזוי אַז ער איז שוין ניט געווען קיין פרייער רעדאַקטאָר, נאָר אַ געבונדענער. אַן אומגליקליכער פּאַרטנער אין די קלאָגעדיגע „ביזנעס".

סאַן האָט מיך ווידער דערמאָנט וועגען די רייזע־קאָסטען. איך זאָל עס רעט'ן ניט שענקען. איך זאָל אויספּילען אַזאַ צע־טעל און געבען עס דער בוק־קיפּער־סעקרעטארין, זי זאָל דאָס ביי איהם „אָקעיען". כ'זאָל זי שוין צו איהם שיקען.

די געשיקטע בוק־קיפּערין האָט זיך מיט אַ זויערע מינע פון זיין אָפּיס באַוויזען און דעם צעטעל אַ ניט־אָקעיעטען פאַר מיינע אויגען אוועקגעלייגט.

— ער האָט עס ניט געוואָלט אָקעי'ען. געזאָגט מיט כעס: „גיב עס צוריק צו איהר!"

סאַן איז געווען זעהר אויפגעבראַכט דערפון. ס'טייטש ער האָט דאָך מיט איהם אַליין גערעדט וועגען דעם, אַז ער וועט די רייזע קאָסטען באַצאָהלען.

די בוק־קיפּערין איז אויך געווען דיסקאָסטעט — „טשיפּ סקעיט" האָט זי רעט'ן אָנגערופען, „מיען טהינג" א. ד. גל.

בקיצור, איך האָב ס'געלט ניט געקראָגען. אין אמת'ן האָב איך זיך געריכט אויף דעם אַפריהער. דאָס איז פאַר מיר קיין גרויסע איבעררראַשונג אָדער אנטוישונג ניט געווען.

רעט איז פון זיין אָפּיס אַ פאַרביסענער אַזאַ ארויסגעקומען און — דעם עלעקטריק־פען (וואָס איז אויסגעקומען צו דער צייט גראָד אָקעגען מיר) אָפּגעשטעלט: וועמען ס'איז דאָ צו הייס, זאָל געהן זיצען ביים ווינדאו... און אויפ'ן סירקולײשאָן־מענעדזשער האָט ער זיך צושריען, פאַרוואָס ער לעשט ניט אויס די עלעקטריק־לאָמפּען דאָ און דאָרט. נאָכדעם איז ער אוועק אין פרינטינג־רום און זיך דאָרט געקריגט מיט די זעצער.

ס'האט אין איהם געקאכט די רציחה.

צו דער צייט, וואס רעט האט געבאסעוועט, האב איך ביים אפענעם פענסטער געלייענט א בריף, וואס איז מיר ערשט פון ניו יארק אנגעקומען. אין דעם בריף האט זיך צווישען אנדע־רעס געשריבען דאס:

„די נייע צייטונג, וואס קלייבט זיך שוין אזוי לאנג ארויס־צוקומען, וועט אינגיכען ערשיינען: נאך פאר לייבאר־דעי. עס איז געווים איבעריג צו שרייבען אייך, דאס איהר זאלט קו־מען אין ניו יארק. איהר ווייסט עס אליין, ווייל איהר זייט דאך איינע פון די ערשטע צווישען די אנגעשטעלטע.

„סיי ווי וואלט איהר שוין מעגען פארלאזען בין מיט איה־—מיר בעטען איבער אייער כבוד—שמאטעדיגען פייפער. עס איז ניט פאר אייך צו פטר'ן צייט אין דער פראווינץ, ווען איהר קענט שיינען אין ניו יארק. ס'א וואונדער, ווי אזוי איהר קענט זיך דארטען אזוי לאנג האלטען. מיר פארדעכטיגען אייך אין א ראמאן (אין פיהרען ראמאנען, ניט בלויז שרייבען). דאס וואלט קענען דינען אלס די איינציגע בארעכטיגונג פאר אייער זיין דארט...”

איך האב די שורות געלאזען סאנ'ען איבערלייענען און ער האט זיך געבעטען:

— זעהט דארט אין ניו יארק פאר מיינעטוועגען א פלאץ אין דער צייטונג. זאגט דארט פאר מיר א גוט ווארט. איהר זעהט דאך, איך קען ארבייטען, ווי —

— א פערד!

— ווי צעהן פערד! העלפט מיר ארויסרייסען זיך פון דאנען. ווייל אויב איך וועל דא ניט שטארבען, וועל איך משוגע ווערען. פארשטעהט מיך און פארגיט מיר, וואס כ'אייך געהאל־פען אהער אראפברענגען. גלויבט מיר, דאס ווען איך וואלט געוואוסט, אז מ'וועט אייך דא אזוי „טריטען”, וואלט איך ניט דערלאזען, איהר זאלט אהער קומען. אויף מיר האבען זיי אויך אזוי פיל ארבייט ארויפגעווארפען.

— ווער איז די זיי, ס'בלויז ער, רעט.

— ס'ניט בלויז רעט. ס'איז דער רעדאקטאר אויך און נאך ווער, וואס שטעהט הינטער זיי, וואס „בעקט” זיי. ס'א פיינע געזינדעל עקספלואטאטארס, ביי וועמען יעדער איינער שטעהט העכער פון א שרייבער. אן איבעריגע זאך איז דאס

פאַר זיי, אַן אָנשיקעניש! זאָגט איהר מיר צו פאַר מיר אין ניו יאָרק אַ גוט וואָרט צו זאָגען? זאָגט עס מיר צו!

איך האָב עס איהם צוגעזאָגט.

די מיידלאַך פון אָפיס, ווען זיי האָבען דערהערט וואָס פאַר אַ גליק עס ערוואַרט מיך אין ניו יאָרק, האָבען זיך געפרעהט און מקנא געווען.

איינע דאָרט, מיס גייער, וועלכע פּלעגט דורכ'ן טעלעפאָן קענוועסען אַדוועטייזמענטס פאַר'ן „וו.-וו." און אַלע ווייל זאָגען „טהענקיו וועריי מאַטש!" האָט מיר צוגעזאָגט צו שרייבען, אויב איך וועל איהר נאָר ענטפערען. וועל איך איהר ענטפערען?

איך האָב איהר צוגעזאָגט צו ענפערען.

מיר האָבען זיך פריינדליך געזעגענט.

סאַן און באָרג זיינען מיט מיר אריין צום לעצטען מאָל אין „קינד'ס" רעסטאָראַן, וואו מיר האָבען, ריידענדיג וועגען די גרייזען אין „וועג-ווייזער", מעהר אָנגעלאַכט ווי געגעסען.

באָרג האָט זעהר געלונגען אימיטירט דעם 3-דאָלארדיגען מיטארבייטער, ווי ער שטעקט ארויס דעם צונג און געהט מיט איהם פון איין זייט מויל ביז'ן אַנדערען, ד. ה. נאָך דעם גאַנג נאָך פון זיין פען פון אָנהויב ביז'ן סוף בריימען שטיק פּאַפּיר. היינט ווי רעט קוקט אויף זיין ארבייט מיט אויטאָריטעטישע ווירדע, קלאַפּט איהם איבער'ן פּלייצע און זאָגט טס'אָלרייט!

סאַן האָט נאָכגעמאַכט רעט'ן. ווי ער קריטיקירט זיין פראָנט-פּיידזש. די קאָפּ איז צו גרוים. די קאָפּ איז צו קליין. די קאָפּ דארפען מיר גאָר אראָפּנעהמען. די שטיקעל נייעס דאַרף מען מאַכען אין אַ קעסטעלע. וואָס זשאַלעוועט ער קעסטעלאַך, וואָס? ס'דאָ פּלענטי! און וואָס איז דער מער מיט דער אידישער שפּראַך ביי איהם? — ווער זאָגט דאָס אַנטוישטע, אַז ס'פאַראַן דיסאַפּאָינטעטע און וואָס איז דאָס פאַר אַן איבערראַשט? וואו איז דער „סופּרייזד", הינט האָבען איהם אויפגעגעסען? און וואָס איז דאָס פאַר אַן אומאָפּהענגיגע, אַז ס'דאָ אידעפּענדעטע? א. אַז. וו. א. אַז. וו.

.15

זיך אָפּגעזעגענט מיט'ן „וועג-ווייזער", געזאָגט אַלעמען „גודבאַי", געוואונשען „גוד-לאָק", אפילו רעט'ן אויך און — אוועק צום ים.

ביים ים געטראַכט די אַלע געדאַנקען, וואָס זיינען אויפ'ן זינען אַרויפגעשוואומען.

אַ וואָך איז אַזוי אַוועק. מיר האָט זיך געוואָלט זעהן דעם „וועג־ווייזער", וואָס פאַר אַ פּנים ער האָט אָהן מיר. כ'האָב איהם קוים מיט צרות געקראָגען און איך זעה — מיין ראָמאַן געהט נאָך. אמת. קליינינקע פאַרזעצונגען, אָבער ער געהט, און אונטער די עדיטאָריעלס, וואָס זיינען שוין ניט פון מיר געשריבען — מ י י ן נאָמען!

בין איך נאָך, ה. ד., אין „וועג־ווייזער", ווען איך בין שוין דאָרטען נ י ט אָ? — וואָס איז די חכמה? און וואו איז יושר?

איך נעהם זיך לייענען די עדיטאָריעלס, וואָס זיינען ניט מיינע, און די וועלט מיינט, אַז ס'מיינע. איך בין נייגעריג צו זעהן, ווי „איך" שרייב, ווען איך שרייב ניט.

און איך לייען דאָרט וועגען:

„אונזערע פאַרפיהרטע נשמות, וואָס פון אונזערע אידישע צניעות איז געוואָרען. ווי זיי געהען מיט די מענער „פּיפּטי־פּיפּטי". און פאַרוואָס זיינען מיר, אידישע טעכטער, אַזוי אויסגעלאַסען געוואָרען? פאַרוואָס אַזוי חרוב געמאַכט די טהרת המשפחה ביי אידען, אַראָפּ אַזוי נידריג פון הויכען סטענדערד אין צניעות?! פאַרוואָס!?!...

„אָט לייען איך", זאָגט דער עדיטאָריעל, „אַ לעטער פון אַ לעזערין, שוין ווייט ניט קיין ספּרינג טשיקען, און דאָך גלוסט זיך איהר אויסבייטען איהר מאַן אויף אַן אַנדערען, אַ געליבטען.

דאָ קומט דער בריף פון דער לעזערין אַזוי ווי פון די ריכטיגע בריף, און דער עדיטאָריעל־שרייבער, וואָס איז סופּאָוזד צו זיין א י ך, זאָגט:

„אָט אַזוי שרייבט'ס אַ פרוי, אַ אידישע טאָכער, וועגען אַן אייגענעם מאַן, וואס זי האָט מיט איהם אָפּגעלעבט א וועלט! ערצויגען קינדער, זיך געטיילט די פריידען און ליידען און אַלץ מיט אַלעם מיט אַן אַנדער, וואָס אַז מען זאָל דאָס אויסרעכענען, וועט קיין פּייפּער ניט קלעקען. בלויז צו עראינערען אַזא מין פאַרשוין, איז גענוג אַרויסצוברענגען אַ רויטען פלעק אויף די געהירען פון די רעכטדענקענדע, עהרליך־פיהלענדע מענשען!"

ווייטער באַקלאָגט זיך דער עדיטאָריעל אויף אַ געוויסע צייטונג, וועלכע גיט אָפּ פאַר אַזעלכע בריף דעם סאמען אויבען־

אָן, דערפאַר, וואָס זי, די געוויסע צייטונג, האָט אויפ'ן לעטער פון דער מיאוס'ער פרוי געענטפערט אזוי צו זאָגען:

„די עלטער דאַרף אויך שטרעבען צו פאַרבעסערען דעם לעבען, פאַרקערט, אונזער מיינונג איז, דאָס מען דאַרף אַלעמאָל זעהן צו געניסען פון גליק, פון רעגעלע ליבע. מיר באַוואונדע־רען אייער מוט און ווינשען סוקסעס אין אייער מאַכען די אי־בערקערענישען אין לעבען!"

אָט אזא מין צאינה וראינה, זאָגט דער עדיטאָריעל, האָט דער געוויסער פייפער דאָרטען (ניט אין בין) אַרויסגעגעבען דער פאַרפיהרטער פרוי מיט דער פאַרפאָלגטער נשמה. איז שוין אַ וואונדער, וואָס אונזערע צניעות זיינען אזוי פאַר־דאָרבען?!

„דער אידישער וועגווייזער" וועט נ ע ו ו ע ר אַזוי ענטפערען אויף אַ לעטער וואָס אַן עלטערע פרוי פון אַ מאַן מיט קינדער וועט אַזוי שרייבען! ווייל „דער אידישער וועגווייזער" היט אָפּ אונזער טהרת־המשפחה און ווע׳ט קיין אשת איש ניט אינקאָרעדזשען!..."

אין אַ צווייטען עדיטאָריעל האָט זיך גערעדט וועגען דעם וואָס אַ פרוי פאַרגעסט אָפּט.

וואָס אַן ערך פאַרגעסט זי? אָט וואָס: אָנשטאָט לויפען צו דאָקטוירים — בעסער נעמען אַ וואַנע!

און ס'ערקלערט דער עדיטאָריעל די וויכטיגקייט פון וואַסער פאַר — פרויען. ס'איז טייערער פון אַלע מעדיצינען אין דער גאַנצענער וועלט. „דורך וואַשען אייערע קערפּערס הרג'עט איהר 2 פליגען אויף איין מאָל: איהר נעמט אַראָפּ די שמוץ פון קערפּער און דאַרפט ניט לויפען צו דאָקטוירים. די אַלטע גריכען האָבען אויך אזוי געטאָן. ווי נאָר געסט פלעגען קומען, פלעגט מען זיי געבען אַ באָד. און משה רבנו און די מאַכמעדאַנער. און נאָך אַלעמען, זיינען דאָ פאַראַן סטיילישע לייִדיס וואָס זיצען אָפּ אַ זומער ביים ים און נעצען זיך אַפילו ניט איין. זיי וואוינען אין פּאַלאַצען מיט דינער און נעמען קיינמאָל קיין וואַנע ניט!"

נאָך דעם קומט אַ „וויסענשאַפטליכע ערקלערונג" וועגען די הויט מיט אַלע אָרגאַנען, ווי עלאַסטיש זיי ווערען, ווי פריש, און ווי ס'עפענען זיך און ס'מאַכען זיך צו די פאָרען און וויפיל גראַד דער טערמאָמעטער דאַרף האַלטען. 95 גראַד איז אָלרייט!

בקיצור, וואָס מעהר וואָנעס איהר נעמט, אַלץ אַ בעסערע רפואה שלמה איז דאָס ניט צו לויפען צו קיין דאָקטוירים. ס'איז די בעסטע סגולה צו פארמיידען אַלע קראַנקהייטען וואָס גיבען אויף דיזער וועלט!

אין דריטען עדיטאָריעל ווערט געמאַכט דער ס ט י ט־מ ע נ ט, דאָס „פרויען זיינען דזשאַסט אַזוי גוט ווי מענער!" זיי גלייכען זיך אוים אי פיזיש אי מאָראַליש. אַ סימן איז, אַז ווען פרויען וואָלטען ניט געווען דזשאַסט אַזוי ווי די מענער, וואָלט זיך שוין פונ'ם פרויען־געשלעכט קיין שום געדעכעניש ניט אָפּגעשטעלט!"

און דאַן קומט אַ צעטעל פון אַלערליי מעלות און חסרונות פון פרויען, וואָס ווייזט, דאָס זיי זיינען ניט אַ האָר אַנדערש, ניט העכער און ניט נידעריגער, ניט ערגער און ניט בעסער ווי מענער.

פונדעסטוועגען, — זאָגט דער עדיטאָריעל, — כאָטש דאָס איז אַזוי, גיבען אָפּ די מענער זייערע פליצער אין די קאָרם צו די פרויען, און פאַר וואָס? די מלחמה האָט דאָך שוין פ אַ ר נ י כ ט ע ט די דאָזיגע מחיצה. אַ פרוי קען דאָך שוין זיצען אין קאָנגרעס אָדער זי קען „מ אַ כ ע ן" אַ גוטען גאָווערנאָר און אפילו אַ קאָנדוקטער צו אַ פּאָליס־מאַן אויך!

„אָבער אויב די מענער האָבען בעסערע קעפּ, האָבען די פרויען בעסערע הערצער. אויב די מענער זיינען שטאַרק פיזיש — זיינען די פרויען מעהר מאָראַליש. דער רעגעלער גבור איז דער וואָס קאָן זיך קאָנטראָלירען, זאָגען די אידישע חכמים פון די אַלטע צייטען (איזהו גבור הכובש את יצרו) איז פאַר וואָס מאַכען די מענער די ברכה שלא עשני אשה? ווייל מענער האָבען מתקן געווען די ברכות און יעדערער דרשן'ט ווי איהם געפעלט. פרויען זיינען ברייטהאַרציגער און טאָלעראַנטער ווי מענער, דערפאַר און פאַר נאָך טעמים וואָלטען זיי קיינמאָל ניט קלערען צו פאַרפאַסען אַזאַ ברכה ווי שלא עשני איש!

'דער מאַן וואָס לעזט ניט דעם קאָלום אין אידישען „וועג ווייזער", זאָל איהם די ווייב צייגען כאָטש דעם עדי־טאָריעל. וויינינגסטענס זאָל ער איבערלעזען דיזען אַרטיקעל און זאָל ער וויסען אַז די אַלטע באָבע־מעשה דאָס מענער שטעהען העכער פון פרויען איז אַ בויך סברא, וואָס איז ניט

געשטייגען און ניט געפלויגען. ס'אַן אויסגעטראַכטער בלבול! ס'איז אַ גרויסער בלאָף!!

אַזוי הייסט עס שרייב „איך" דאַרטען איצט די עדיטאָריעלס? עס איז מיר ניט גוט געוואָרען! איך האָב גלייך געוואָלט פאָהרען און בין אריין אין „וו.וו." און זיי גוט אָנזידלען און פאַרווערען צו באַנוצען מיין נאָמען אונטער וואָס ס'זאָל ניט זיין! כ'האָב מיין נאָמען מיט זיך געוואָלט האָבען, ניט ביי זיי פאַר זייערע לעזער און —

„ביזט אַ גרויסער נאַר!" — האָב איך צו זיך געזאָגט: „האָסט באַדאַרפט לאָזען וויסען אין דער אידישער פּרעסע, דאָס דו האָסט מיט'ן „וו. וו." מעהר גאָרניט צו טאָן. ניט פאַרלאָזען זיך אויף דעם רעט!"

אָבער וואָס קומט אַרויס פון ריידען צו זיך?! כ'האָב אָפּגערופען דעם רעדאַקטאָר פון „וו. וו.", און — ער האָט זיך פאַרוואונדערט:

— איהר זייט נאָך דאָ?

— וואו איך בין, בין איך. פאַר'ן „וו. וו." בין איך ניטאָ! און דאַריבער האָב איך אָפּגערופען: נעהמט אַראָפּ מיין נאָמען פון די עדיטאָריעלס דאָרטען.

— אייך געפעלען ניט די עדיטאָריעלס?

— געפעלען אָדער ניט — איך וויל ניט האָבען מיין נאָמען אונטער קיין זאַך, וואָס איך אַליין האָב ניט געשריבען. ווי אַזוי האָט איהר עס גאָר געוואַגט צו טאָן אַזאַ זאַך? איהר!...

— כ'האָב פאַרזעהן..."

— וועט איהר עס אַראָפּנעהמען שוין, די מינוט, כדי איהר זאָלט עס ניט... פאַרגעסען?

— יעס, איך וועל גלייך זאָגען דעם זעצער...

— געדענקט־זשע!

— אָלרייט. וואָס מאַכט איהר? וואו זיינט איהר?

— ביים ים. ווי לאַנג וועט נאָך געהן מיין ראָמאַן? וואָס ברעקעלט איהר איהם אַזוי?

—— ס'זאָל לענגער געדויערען... ער וועט זיך די טעג ענדיגען. ליידער! אפשר וואָלט איהר אהער צוקומען?

איך האָב איהם געזאָגט, אַז ניט, ס'איז צו הייס, און אַז כ'האָב דאָרטען ניט וואָס צו טאָן. איהם געבעטען, ניט פאַרגעסען שוין הייסען אַראָפּנעהמען מיין נאָמען און „גוד־באַי!"

איך בין שוין געווען רוהיגער, ווען איך האָב די איבריגע

זאַכען אין „וו. וו.״ איבערגעקוקט. אַלץ איבערגעדרוקטע זאַכען פון ד לאָקאַלע ענגלישע צייטונגען און די פּראָווינציעלע אידישע. מעהר פון אַלץ האָט זיך אין „וו. וו.״ אָנגעזעהן די אַדווערטייז־מענטס פאַר׳ן „וו. וו.״ — אַפּילען צו די בין׳ער אידען, זיי זאָלען זייער איינציגען פּייפּער העלפען אויפהאַלטען, ס׳אַ פּייפּער, וואָס האָט, גיט און וועט זיך אָפּגעבען מיט זייערע אינטערעסען, ביקאָס זייערע אינטערעסען איז דעם „וו. וו.׳ס״ אינטערעסען. ער דאַרף זיי, זיי דאַרפען איהם — זיי זיינען איינע מיט די אַנדערע שטאַרק פאַרבונדען. דאַריבער זאָלען זיי טאָן זייערע ביזנעס דורכ׳ן „וו. וו.״, וועמעס אַדרעס ס׳איז דאָ און דאָ, אין סאַמע מיטען פון זייער שטאָדט בין, וואָס איז אַ שטאָדט, ניט ווי אַלע שטעדט, ביקאָס ס׳האָט אַן אייגענעם פּייפּער, וואָס איז זיי גרייט מיט אַלעם צו דינען. און גרייזען — טאַטע זיסער, וויפיל גרייזען! די מאַשין איז נאָך דאָרטען אַלץ געשפּרונגען און ארויסגעוואָרפען ניט די בוכשטאַבען, נאָר דוקא אַנדערע. און ניט נאָר בוכשטאַבען אָדער ווערטער, נאָר גאַנצע שורות, וועלכע זיינען אַרויסגעקומען אַזוי ווי:

„די דזשורי האָט זיך אַ לאַנגע צייט בררעיאַטשללל און ס׳האָט גענומען לאַנג ביז זי האָט בראַשררלאָססססס.:!ן אַז די באַשולדיגטע איז פאַרקקקררההם;:—!עעיאַא:::ייאלה גגגגססגגגרר זייטע 3 רדררוופגקדצ ״״״״״ „„„ !!! — — ררר

ווייטער זיינען געווען פאַרביטענע קעפּ, פאַרגעסענע נעמען, פאַרפאַלענע פאָרטזעצונגען א. ד. גל.

די אַלע זאַכען זיינען מיך ווייניג וואָס אָנגעגאַנגען. אונ־טער זיי איז דאָך מיין נאָמען ניט געשטאַנען. אָבער די עדי־טאָריעלס, די עדיטאָריעלס

אויף צו טרייסטען זיך איז מיר נאָר געבליבען צו גלויבען, דאָס דער רעדאַקטאָר פון „וו. וו.״ האָט שוין מיין נאָמען אַראָפּ־גענומען און איך זאָל מעהר ניט טראַכטען וועגען דעם, איך זאָל מיר מיין קורצען וואַקיישאָן ניט פאַרשטערען.

---

.16

צוריק אין נ. י., אין קאַפּע. איך דערזעה מר. סאָן. וואונ־דער זיך, ווי אַזוי, ווען איז ער אַוועק פון „וועג ווייזער״.

— ווי אַזוי? — זאָגט ער — אָטשען פּשוט, כ׳געסיטי עדיטעט, ביז כ׳האָב צוזאַמענגעבראָכען, כ׳האָב, אַזוי ווי איהר זעהט מיך אַ לעבעדיגען, אַוועקגע׳חלש׳ט. מען האָט מיך גענו־

מען אין האָספּיטאַל. כ׳האָב זיך דאָרט אָפּגערוהט. ס׳געווען לופטיג, פיין, און שעהנע נוירסעס האָבען זיך אַרומגעדרעהט... נו, נאָכ׳ן האָספּיטאַל, האָט מען מיר פאַרזאָגט, כ׳זאָל פאָהרען אין פאַרם. בין איך געפאָהרען. ניט אויסגעהאַלטען דאָרטען דעם אומעט מיט דער גוטער לופט און רוהיגקייט. כ׳האָב גע־כאַפּט ד׳ ערשטע עקספּרעס טריין און — אָט בין איך אין נ. י. אין קאַפּעע!

— און ס׳איז אייך גוט?

— הלואי ווייטער ניט ערגער. און ווי איז אייך?

— הלואי אויף ווייטער — בעסער. ווער, זאָגט מיר, איז דאָרט געבליבען אויף אייער פּלאַץ?

— כ׳ווייס ווער? — שטיין און איינער עפּעס אַ ביין און דער דריי־דאָלאַרדיגער און — גאָר.ס׳אייך ווייניג? רעט׳ן איז גענוג!

— און באָרג?

— באָרג? איהר׳ט איהם ניט געזעהן? ער איז דאָך אויך דאָ. ער וועט מסתמא באַלד אַריינקומען. אַזוי גיך, ווי איהר זייט אַוועק, האָבען זיך דאָרט אָנגעהויבען ענדערונגען נאָך ענדערונגען: שטיין איז גלייך צוריקגעקומען גרייט צו טאָן אַלץ, וואָס רעט וועט איהם הייסען — נעהמען אינטערוויוס, שרייבען אַ סעריע אַרטיקלען, אַ מין סאָרט ביאָגראַפיעס פון ביג׳ער ביזנעסלייט, ווי אַזוי זיי האָבען אָנגעהויבען די ביזנעס, מיט וויפיל, מיט וואָס און ווי אַזוי זיי האָבען זיך אַ דאַנק זייער עהרליכקייט אַרויפגעאַרבייט. אַז אויב ווער פון זיי ס׳זאָל ניט „לויבען", זאָל מען איהם עלעקטען, און ס׳וועט ווערען פּראָספּע־ריטי — ס׳עט שוין זיין גוט!

— פאַרוואָס איז באָרג אַוועק?

— באָרג? ער — אָט, פרעגט איהם אַליין. האַלאָ, באָרג, וואָס מ׳פרעגט זיך נאָך אויף דיר!

באָרג האָט כמעט אַן עהנליכע מעשה, נאָר אַביסעל אַנדערש דערצעהלט.

— איך בין מיד געוואָרען פון די סטריט־בילדלאַך מיט׳ן פּריה־אויפשטעהן העלפען נייעס שרייבען, און קיין רעיז האָט׳ן ניט געוואָלט געבען; מ׳האָט גערעדט וועגען אַראָפּנעהמען פון די קלאָגעדיגע ווייזשעס אָדער באַלד גאָרניט צאָהלען. כ׳זאָל הייסט דאָס אַרבייטען אויף באָרג. בין איך דאָך באָרג און כ׳זיי ניט געוואָלט באָרגען. האָב איך ניט געוואַרט, ביז כ׳וועל אַזוי

ווי דער סאָן אוועק'חלש'ען. כ'מיר גענומען די טריין און גע־פאָהרען אין נ. י. וואָס גאָט וועט געבען, דאָס וועט זיין. זאָל מיך בעסער איינשלינגען א שאַרק, ווי כ'מיך לאָזען פארהריזען פון א רעט!

— גוט געזאָגט!

— האָט איהר געזעהן, ווי מ'האָט אייך דאָ ארייגעקי־בעצט פאר די לשון־קודש אין די בין'ער עדיטאָריעלס, וואָס זיי דרוקען דאָרטען נאָך אַלץ אונטער אייער נאָמען? איי, האָט מען דאָס אייך ארייגעקיבעצט!

איך דערוויס מיך אזוי, דאָס יענע דאָרטען אין „וו. וו." האָבען מיין נאָמען פון די פארדאַמטע עדיטאָריעלס ניט אראָפּ־גענומען.

וואָס טוט מען מיט זיי? !

א באַקאַנטער לאָיער זאָגט מיר, איך זאָל דעם „וו. וו." טריילען. איך קען ביי איהם פאר דעם א סך געלט נעהמען. ס'א גוטע קייס, כ'וועל זי געווינען. אָבער מיר ווילט זיך ניט אָנהויבען מיט קיין לאָיער, מיט קייסעס. און איך האָב אוועקגע־שיקט א בריף אין „וו. וו." מיט א לעצטער וואָרנונג, אז אויב זיי וועלען זיך ניט אָפּטשעפּען פון מיין נאָמען, וועלען זיי טייער באַצאָהלען, כ'האָב א לאָיער...

איך גלויב, אז דאָס האָט געווירקט. ווען עס האַנדעלט זיך פאר'ן „וו. וו." ביליג פאר א זאַך צו באַצאָהלען, ווייל ער אויך ניט, א פשיטה שוין טייער!

---

דער טעלעפאָן: האַלאָו! ווער איז דאָס?

— איך, „דאַנטשענקאָ". איך וויל זיך פאר אייך אַנט־שולדיגען.

— פארוואָס?

— אָט פאר דעם אַפּאָינטמענט, וואָס כ'דעמאָלס געמאַכט אין קאַפע ראָיאַל פאר אייך מיט'ן רעדאַקטאָר פון דער בין'ער צייטונג. ער האָט עס מיר ערשט דערצעהלט, וואָסער „טייערען" דזשאָב איהר האָט עס דאָרטען געהאַט. און איך פיהל מיך שול־דיג געגען אייך. פארגיט מיר. איך בין ניט שולדיג, איך האָב דאָך ניט געוואוסט, וואָס פאר א מין פייפער דאָס וועט זיין. סאָן האָט מיר דערצעהלט, וואָס פאר א קאַטאָרזשנע ארבייט איהר האָט דאָרט באַדאַרפט טאָן, און כ'מיך געפיהלט שולדיג, כאָטש, איך פארזיכער אייך, איך בין ניט שולדיג! בין איך?

— געווים זייט איהר ניט שולדיג!

— איז האָט איהר צו מיר גאָרנישט?

— אבסאָלוטלי גאָרנישט! אדרבה, אייך קומט נאָך א דאנק פאַר דעם. איך האָב קיין חרטה ניט, וואָס איך בין אין בין געפּאָהרען. איך האָב פון דעם „פּייפּער", דעם „וועג ווייזער", עפּעס געלערענט... ס'וועט צונוץ קומען...

(סוף).

## ערציילונגען:

„ער" און „זי".
איהר שרעק.
אייפערזוכט,
אין די געצעלטען.
שיינדעל.
28 און 2.
„בת-עמי".
דער אינטעליגענט.
די קלענערע שוועסטער.
סטענקא ראווין.
בליומע.
הינדל.
האליא'ס חתונה.
מאשא'ס ראָמאַנען.
די שטומע.

## ראָמאַנען:

די איינגעשפארטע.
אָהן א פארוואָס.
סטרוזשקעס.
ראָמאַן פון א קרעטשמערקע.
רייזקע.
שוועסטער-קינדער.
מענער און פרויען.
זינדיגע נשמות.
שטילע ליידען.

דאָס זיינען די נעמען פון מיינע ערצעהלונגען און ראָמאַנען וועלכע איך האָב אויסגעקליבען פון אַריבער 300 ווערק וואָס האָבען זיך ביז איצט אין צייטונגען און זשורנאַלען (אויסער ביכער) אָפּגעדרוקט.

א גרופּע גוטע לעזער וויל אייניגע פון די זאַכען איינ־ציגווייס ארויסגעבען.

די פראַגע איז, וויפיל פון זיי און וועלכער פריהער.

די יעניגע וואָס געדענקען אויף וויפיל זיי איז איין זאַך געפעלען געוועזען מעהר ווי אַנדערע, קענען אַנטייל נעמען אין דער אונטערנעמונג דורך געבען זייער מיינונג וועגען דעם.

בריף וועגען דער פראַגע קענען געשיקט ווערען אויפ'ן אַדרעס פון „טאָג" דירעקט צו מיר: —

MIRIAM KORPILOVE, c/o The "Day"

183 E. Broadway, New York, N. Y.